לין אָדער לאָנג איילענד סיטי צו „קאָל־לעדזש פּאָינט“, איין מייל פון פּארק.

רעריטעַן ביעטש גראָוו. — 22 מייל פון ניו יאָרק. מיט'ן סטים באָוט צו פּערטה עמבאָי, 1½ מייל פון פּיקניק פּלאַץ, אָדער מיט דער נ. דזש. סענטראל רייל ראָוד.

ריעשואנר ביעטש גראָוו. — 20 מייל פון ניו יאָרק. מיט דער סטייטען איילענד ר. ט. ריילוויי צו „הוגענאָט“, איין מייל פון פּארק.

ריווער וויאו גראָוו. — 20 מייל פון ניו יאָרק. מיט דער נאָרטהערן ר. ר. אָוו נ. דזשערסי צו „קלאָסטער“, 3½ מייל פון גראָוו.

סילוויען ביעטש גראָוו. — 20 מייל פון ניו יאָרק. מיט דער סאונד שאָר ר. ר., ברענטש פון נ. דזשערסי סענטראל רייל ראָוד, צו סילוויען ביעטש.

וועסט וואוד גראָוו. — 20 מייל פון ניו יאָרק. מיט דער נאָרטה סייד דיוויזשיאָן פון דער לאָנג איילענד רייל־ראָוד צו פּאָרט וואשינגטאָן, דריי מייל פון גראָוו.

וואודס אָוו ארדען. — 13 מייל פון ניו יאָרק. מיט דער סטייטען איילענד ר. ט. ריילוויי.

---

קולטיווירטע פּארקס אין ניו־יארק.

בעטטערי פּארק, אָנפאנג פון בראדוויי.

בּרייענט פּארק, 6טע עווענױ און 42טע סטריט.

סענטראל פּארק, 5טע ביז 8טע עווענױ; 59 ביז 110טע סטריט.

סיטי האָלל פּארק, בראדוויי און טשיימבער סטריט.

קארליערס הוק פּארק, (דזשעקסאָן סט. פּארק), קארליערס און סויטה סטריט.

איסט ריווער פּאַרק, 84 ביז 86טע סט., לעבען איסט ריווער.

האַמילטאָן פיש פּארק, האָוסטאָן און וויללעט סטריט.

מארנינגסייד פּארק, 110 ביז 123טע סטריט, צווישען קאָלאָמבוס און אמ־סטערדאם עווענױס.

מאינט מאָריס פּארק, 120 ביז 124טע סטריט, און מאונט מאררים און מע־דיסאָן עווענױ.

מאלבערי בענד פּארק, מאלבערי און באַיארד סטריט.

ריווער סייד פּארק, 72 ביז 129טע סט., נארטה־ריווער.

טאָמקינס סקוועער פּארק, עווענױ איי און בי, פון 7טע סטריט ביז 10טע.

וואַשינגטאָן סקוועער פּארק, 5טע עווענױ און ווייווערלי פּליים.

בּראנקס פּארק, 182טע סטריט און 3טע עווענױ.

סעדאר פּארק, וואלטאן עווענױ, 158טע סטריט און מאָטט עווענױ.

קראטאנא פּארק, דריטע, פולטאן און ארטהור עווענױס.

קלעירמאנט פּארק, בעלמאָנט סטריט, טעללער און קליי עווענױס און 170טע סטריט.

פּארדהעם, סעדזשוויג עווענױ און 188טע סטריט.

מאקאמב'ס דאם פּארק, 162טע סטריט, דזשעראָם עווענױ, און הארלעם ריווער.

פּעלהעם בעי פּארק, נארטה איסט ענד אָוו סיטי.

יוניווערסיטי פּארק, יוניווערסיטי און סעדזשעוויק עווענױס און 181טע סט.

וועַן קארטלענד פּארק, בראדוויי, וועַן קארטלענד עווענױ, דזשעראָם עווענױ און מט. ווערנאָן עווענױ.

---

ניט אויסגעבעסערטע פּארקס.

קאלאָניאל פּארק, 145 ביז 155טע סטריט בּרעדהוירסט ביז עדזשקאָמב.

פּארט וואַשינגטאָן, בולווארד, לאפּאַיעטט, 170 ביז 186טע סטריט און האדסאָן ריווער.

היי בּרידזש פּארק, 155טע סטריט ביז וואשינגטאָן בּרידזש.

טהאָמאַס דזשעפּערסאָן פּארק, 111טע ביז 114טע סטריט, ערשטע עווענױ און הארלעם ריווער.

וויללִיאם ה. סיוארד פּארק, עססעקס, העסטער און דזשעפערסאָן סטריט.

---

סענטראל פּארק.

דער סענטראל פּארק קאָסט איבער 15.000,000 $.

עס ציהט זיך פון דער 59טער סט. ביז 110טע סטריט און פון דער פינפטער עווענױ ביז דער אכטער עווענױ.

דער פּארק פארנעהמט א שטח פון 840 אקער לאַנד.

אין דער 59 סטריט און פינפטע עוועניו געפינט זיך דער „סקאלאר'ס גייט", וועלכע איז בעפוצט מיט איין ביוסט סטאטוע פון אלעקסאנדער פאָן הומבאָלט, דער גרויסער דייטשער געלעהרטער און וויססענשאפטס מאן. נאָהענט פון דערביי געפינט זיך א שפּיעל פּלאַטץ פון קינדער א גרויסע, פלאַכע שטרעקע לאנד, 16 אקער.

לעבען דער אלטער ארסענאל געביידע געפינט זיך דיא מענעדזשערי מיט דיא חיות.

אויף א גרויסען פלאַכען שפּאַציער פּלאַטץ, כמעט אין מיטען פארק, וועלכער איז איין פערטעל מייל לאנג און 208 פוס ברייט, געפינען זיך א סך סטאַטוען פון גרויסע מענער וויא צום ביישפּיעל: שעקספּיערס, אויפגעשטעלט געוואָרען לכבוד דעם גרויסען פּאָעט'ס 300 יעהריגען געבורטסטאג; דיא סטאַטוען פון סער וואלטער סקאָטט, ראָבערט באָירנס, פיטץ גרין האללעק, (אן ניו־יאָרקער שרייבער), א זעהר גרויסע ביוסט פון בעטהאָווען און דער „אינדיאנער יעגער", א בילד פון שטיין אויסגעהאקט פון סקולפּטאָר דזש. ק. א. וואָרד. נאָהענט דערביי געפינט זיך אויך דיא מוזיק פּאַוויליאָן.

דיא טערראסע איז א שטיק שיינע סקולפּטאָר ארבייט. לעבען דער טערראסע געפינט זיך דער בעריהמטער בעטהעסדאַ פאָנטאַן, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען אין מינכען, דייטשלאַנד.

דאָרטען ארום געפינט זיך דיא ביוסט פון פריעדריך שיללער, הילצערנע הייזלאך מיט ביינק און טישען אין אַלט מאָדישען סטיל.

ווייטער א ביסעל געפינט זיך דער „בעלוועדער", א שטיינערנער טהורעם; דאַן קומט דער שטאָדט רעזערוואָאַר, וואָס גיט וואַססער פאַר ניו־יאָרק, און דער אַמעריקאַן מוזעאום אָוו נעטשורעל היסטאָרי אין וועלכען איינטריט איז פריי, א חוץ מאָנטאַג און דיענסטאַג קאָסט 25 סענט; געגען איבער דעם אבעליסק, וועלכער איז אהער אראָבגעבראַכט געוואָרען פון עגיפּטען, אין 5טער עוועניו און 83טע סטריט, געפינט זיך דער מעטראָפּאָליטאַן מיוזעאום אָוו אַרט (איינטריט פריי א חוץ מאָנטאַג און פרייטאַג 25 סענט). דיא נייע אראנזשערעיעס, וועל־כע יינען ערעפענט געוואָרען אין 1899 און קאָסטען איבער $55,000 געפינען זיך אין דער 106טער סטריט, נאָהענט פון אריינגאַנג.

---

## דער אקוואַריאום.

דער אקוואַריום געפינט זיך אין בעטערי פּאַרק און איז אָפען טעגליך פון 10 אוהר מאָרגענס ביז 4 אוהר נאָך מיטאָג. פיש זיינען דאָרט דאָ 158 פערשיעדענע מינים און פון יעדען מין זיינען דאָ עט־ליכע. צוזאמען זיינען דאָרט דאָ פיש 2,024; קריכענדיגע ברואים און שלאַנגען 39; בעשעפענים אין הארטע שאַלאַכטסען וויא ראַקעס 37; זייג־טהירע 4.

---

## דער בראָנקס פּאַרק.

דיא בראָנקס פּאַרקס פערנעהמען א סך פּלאַטץ און אין זיי געפינען זיך א סך שפּיעל פּלעצער וויא פאר בייס באָלל, פוט באָלל, טענים א. ז. וו.

אין דעם בראָנקס פּאַרק געפינט זיך דיא געביידע פון דעם באָטאַנישען מוזע־אום, וועלכע קאָסט דער שטאָדט איבער $400,000. דיא באָטאַנישע גאַרטענס זיינען פריי פאר אַלעמען. דאָרט געפינט זיך אויך דער זאָאָלאָגישער גאַרטען, וואו עס געפינען זיך 55 פערשיעדענע געביי־דען פאר חיות. איינטריט איז פריי א חוץ מאָנטאַג און דיענסטאַג, ווען עס קאָסט 25 סענט אריינקומען אין זאָאָלאָ־גישען גאַרטען. צו צוקומען צו דיעזען פּאַרק נעהמט דעם עלעווייטעט ביז 161־טער סטריט, טראַנספערירט ביז 177טער סטריט.

ווען קאָרטלאַנד פּאַרק איז אנצי־הענד צוליעב דער קאָלאָניעל געביידע און מיוזעאום; א טייך, וועלכע פערנעהמט א שטרעקע פון 11 אקער לאנד און א מיליטערישער פּאַראַד פּלאַטץ, דער גרע־סטער אין דער שטאַאַט.

קלערמאָנט פּאַרק בעזיצט דיא אַלטע זבראָווסקי געביידע, וועלכע ווערט יעצט געברויכט אלס אָפפיס פאר דעם פּאַרק דעפּאַרטמענט. אין דיעזען פּאַרק געפינען זיך טייערע סאָרטען ביימער פון ענגלאַנד, נאָרוועגען.

## ברוקלינער פּאַרקס.

פּראָספּעקט — צווישען וועסט 15טע סטריט, קוני איילענד עוועניו, פריינקלין, אשען, און פלעטבוש עוועניוס.

פּאָרט גרין. — דעקאַלב עוועניו, וואַשינגטאָן פּאַרק, אַשלענד פּליים, ווילאָבי סטריט, עדווארד סטריט און מוירטל עוועניו.

היילענד פּאַרק. — סאנני סייד און פארם טיוף עוועניוס.

אינסטיטיוט גארדענס — וואשינגטאָן עוועניו, איסט פּאַרקוויי, פלעטבוש עוועניו.

פּאַרייד גראונד — קוני איילענד עוועניו, קייטאָן, פּאָרט האַמילטאָן עוועניוס און פּאַרייד פּליים.

קאָנקורס. — אָשען פּאַרקוויי און אָשען עוועניו.

דייקער ביעטש. — 7טע עוועניי, גרייוועסענד ביי, 8טע סטריט.

קאנאר ביעטש. — ראקאוויי, פּארקוויי און דזשאַמייקאַ בעי.

פּראָספּעקט פּאַרק. — דיעזער פּאַרק איז ערעפענט געוואָרען אין 1866, דיא ערד אליין האָט געקאָסט $3,919,370, וועהרענד דער צוזאַמענשטעלען דעם פּאַרק האָט געקאָסט $6,000,000. דער פּאַרק האָט אַ סך ברייטע און גרויסע שאָסעען פאר געהען און פאָהרען, איין זעהר רייכען בלומען-גאַרטען און טייכען וואו מען קען שיפען זיך אין זומער צייט און גליטשען זיך אין ווינטער, אויך אַ סך מאָנומענטען און סטאַטוען.

צווישען דיא סטאַטוען געפינען זיך פאָלגענדע ביוסטען: דזשאהן האָווארד פיין, טהאָמאַס מור, וואַשינגטאָן אירווינג, בעטהאָווען, מאָצארט, גענעראל קעמבעל, וואַרען, אַבראַהאַם לינקאָלן.

אין 1897 איז דאָרט אויפגעשטעלט געוואָרען איין עלעקטרישער פאָנטאַן ווייטער געפינען זיך אין פּאַרק דיא שטאַטוען פון גענעראַל גרענט, הענרי וואַרד ביטשער און אַלעקסאַנדער האַמילטאָן.

## סטאַטוען און מאָנומענטען אין ניו-יאָרק.

פּרעזידענט אַרטהור, אין מעדיסאָן סקוועער

| | |
|---|---|
| בעטהאָווען, | סענטראַל פּאַרק |
| סימאָן בוליוואר | „ „ |
| ראָבערט בּאָירנס | „ „ |
| קאָלאָמבוס | „ „ |
| קאממערס | „ „ |
| קאָנקלין | מעדיסאָן סקוועער |
| פּעטער קופּער | קופּער סקוועער |
| ס. ס. קאקס | אסטאָר פּליים |
| וו. ע. דאָדזש | בראָדוויי און 6טע עוו. |
| פאררא‌גא | מעדיסאָן סקוועער |
| ב. פריינקלין | פּרינטינג הויז סקוועער |
| ג. גאריבאלדי | וואשינגטאָן סקוועער |
| וו. גרענט | ריווער סייד דרייוו |
| ה. גריל | נעסאָו און ספּרוס סט. |
| נ. הייל | סיטי האָל פּארק |
| פּיטצגרין האללעק | סענטראל פּארק |
| אלעקס. האמילטאָן | „ „ |
| גענעראל הענקאָק | הענקאָק סקוועער |
| היינריך היינע פאָנטאַן | 161סט. און מאָט עוו. |
| האַלעקס האָללעי | וואשינגטאָן סקוועער |
| הומבאָלט | סענטראל פּארק |
| ריכארד האָנט | „ „ |
| וואשינגטאָן אָירווינג | ברייענט פּארק |
| לאפאיעט | יוניאָן סקוועער |
| א. לינקאָלן | „ „ |
| מאַזיני | סענטראַל פּאַרק |
| מור | „ „ |
| אבעליסק, פּרעזענטירט פון עגיפּטישען קעדיוו, אישמאַיל פּאשא | „ „ |
| שיללער | „ „ |
| סקאטט | „ „ |
| שעקספּיער | „ „ |
| ווּם. ה. סיוארד | מעדיסאָן סקוועער |
| ד. מאַריאָן סימס | ברייענט פּארק |
| גאָווערנאָר סטייוועזענט | סט. מאַרקס קירכע |
| טהאָרוואלדזען | סענטראל פּארק |
| פּרעזידענט וואשינגטאָן | יוניאָן סקוועער |
| „ „ | וואָלל קאָרנער בראָד סט. |
| „ „ | ריווער סייד פּארק |
| בענ. וועבסטער | סענטראַל פּאַרק |
| דזשיימס ווילליס | יוניאָן סקוועער |
| גענעראל וואָרטה | בראָדוויי און 25טע סט. |

# נויאָרקער טהעאַטערע.

### וויפיעל זיטצע איז אין יעדען פון זיי.

| | | |
|---|---|---|
| אקאדעמי אָוו מוזיק — 14טע סטריט און אירווינג פּליים | 2.500 | זיטץ. |
| אַמעריקען טהעאַטער — 8טע עוועניו און 42טע סטריט, | 2,000 | ״ |
| אָירווינג פּליים טהעאַטער — אָירווינג פּליים און 15טע סטריט, | 1,800 | ״ |
| אלימפּיק טהעאַטער — 3טע עוועניו און 130טע סטריט, | 1,200 | ״ |
| בערקעלי לייסעום — 44טע סט. ניער 5טע עוועניו, | 450 | ״ |
| ביזשו טהעאַטער — בראָדוויי און 30טע סטריט, | 900 | ״ |
| בראָדוויי טהעאַטער — בראָדוויי און 41טע סטריט, | 2,000 | ״ |
| גאַרדען טהעאַטער — מעדיסאָן עוועניו און 27טע סטריט, | 1,200 | ״ |
| געררִיק טהעאַטער — 35טע סטריט ניער 5טע עוועניו, | 900 | ״ |
| גערמאַניא טהעאַטער — 8טע סטריט ניער בראָדוויי, | 1,400 | ״ |
| גרענד אָפּערא הויז — 23טע סטריט און 8טע עוועניו, | 2,800 | ״ |
| דעלי טרעאַטער — בראָדוויי און 30טע סטריט, | 11,00 | ״ |
| דיואַי טהעאַטער — 14טע סטריט ניער דריטע עוועניו, | 1,500 | ״ |
| 3טע עוועניו טהעאַטער — 3טע עוו. ניער 31טע סטריט, | 1,750 | ״ |
| האַרלעם אָפּערא הויז — 23טע סטריט און 7טע עוועניו, | 1,642 | ״ |
| העראָלד סקווער טהעאַטער — בראָדוויי און 35טע סטריט, | 1,142 | ״ |
| ווינדזאָר טהעאַטער — בויערי ניער קאַנאַל סטריט, | 1,700 | ״ |
| וויקטאָריע טהעאַטער — בראָדוויי און 42טע סטריט, | 1,200 | ״ |
| וואללאקס טהעאַטער — בראָדוויי און 30טע סטריט, | 1,700 | ״ |
| טהאַליא טהעאַטער — בויערי ניער קאַנאַל סטריט | 2,000 | ״ |
| לעקסינגטאָן אָפּערא הויז — לעקס. עוו. און 58טע סטריט, | 1,600 | ״ |
| לאָנדאָן טהעאַטער — 235 בויערי, | 1,800 | ״ |
| לייסעם טהעאַטער — 4טע עוועניו ניער 23טע סטריט, | 644 | ״ |
| מעדיסאָן סקווער טהעאַטער — 24טע סטריט ניער בראָדוויי, | 650 | ״ |
| מאַנהעטטען טהעאַטער — בראָדוויי ניער 33טע סטריט, | 1,050 | ״ |
| מעטראפּאליטען אָפּערא הויז — בראָדוויי צווישען 39-40טע סטריט, | 3,400 | ״ |
| מעטראָפּאָליס טהעאַטער — 142טע סטריט און 3טע עוועניו, | 1,500 | ״ |
| מיינער׳ס טהעאַטער — בויערי און ברום סטריט, | 2,200 | ״ |
| מיינער׳ס 8טע עוועניו טהעאַטער — 8טע עוו. און 25טע סט., | 1,900 | ״ |
| מאררײ הילל טהעאַטער — לעקסינגטאָן עוו. און 42טע סטריט, | 1,230 | ״ |
| נויאָרק טהעאַטער — בראָדוויי און 44טע סטריט, | 2,600 | ״ |
| ניקערבאקערס טהעאַטער — בראָדוויי און 38טע סטריט, | 1,163 | ״ |
| סעוואָי טהעאַטער — 34טע סטריט און בראָדוויי, | 1,500 | ״ |
| סטאַר טהעאַטער — לעקסינגטאָן עוו. און 107טע סטריט, | 2,500 | ״ |
| עמפּייר טהעאַטער — בראָדוויי און 40טע סטריט, | 1,100 | ״ |
| פּיפּלס טהעאַטער — בויערי צווישען דעלענסי און ריווינגטאָן סט. | 2,150 | ״ |
| פּאסטאָר׳ס טהעאַטער — 14טע סטריט ניער 3טע עוועניו, | 1,000 | ״ |
| פּראקטאר׳ס פּעלי׳ס — 58טע סט. ניער 3טע עוועניו, | 2,200 | ״ |
| פּראקטאר׳ס טהעאַטער — 23טע סט. ניער 6טע עוועניו, | 2,000 | ״ |
| פּראקטאר׳ס 125טע סט. טהעאַט.—125 טע סט. און לעקסינגטאָן עוו., | 2,000 | ״ |
| פיפטה עוועניו טהעאַטער — בראָדוויי און 28טע סטריט, | 1,800 | ״ |
| 14טע סטריט טהעאַטער — 14טע סטריט און 6טע עוועניו, | 1,500 | ״ |
| קעסינא — בראָדוויי און 39טע סטריט, | 1,200 | ״ |
| קרייטיריען טהעאַטער — בראָדוויי און 44טע סטריט, | 1,850 | ״ |
| קיטהס טהעאַטער — 14טע סטריט ניער בראָדוויי, | 1,200 | ״ |
| רעפּובליק טהעאַטער — 42טע סטריט ניער בראָדוויי, | 1,500 | ״ |

# דיא הויפּט אָרדענס און לאָדזשעז.

אַמעריקאַן לעדזשיאָן אָוו האָנאָר, האָט 7,630 מעמבערס, געגרינדעט אין 1878.

אינדעפּענדענט אָרדער בני ברית, געגרינדעט אין 1843, זיא האָט 10 גרענד לאָדזשעז, 470 קלענערע לאָדזשעז, מעמבערשיפּ 30,000.

אָרדער ברית אברהם, געגרינדעט אין 1859; איין גרענד לאָדזש און 260 לאָדזשעז. מיטגליעדער צאָהל 19,457.

יונייטעד ענשיעט אָרדער אָוו דרוּידס, מיטגליעדער צאָהל 17,354. געגרינדעט אין 1781 ענגלאַנד, אין אַמעריקאַ אין 1839.

בענעוואָלענט ענד פּראָטעקטיוו אָרדער אָוו עלקס, געגרינדעט 1868. מיטגליעדער צאָהל 100,000.

ענשיענט אָרדער אָוו פאָרעסטערס, געגרינדעט 1745. מיטגליעדער אין דער גאַנצער וועלט 914,583.

פאָרעסטערס אָוו אַמעריקאַ, געגרינדעט אין 1864. מיטגליעדער צאָהל 195,206.

אינדעפּענדענט אָרדער אָוו פאָרעסטערס, געגרינדעט אין 1874. מיטגליעדער צאָהל 187,000.

אינדעפּענדענט אָרדער פרי סאָנס אָוו איזראַעל, געגרינדעט אין 1849. האָט אין גאַנצען לאַנד לאָדזשעז 102. מעמבערס 12,000.

רעניאַל סאָסייעטי אָוו גוד פעלאָוס, געגרינדעט אין 1882. מיטגליעדער צאָהל 9,000.

נייטס אָוו דיא מאכבאבעעס, געגרינדעט 1883. מיטגליעדער צאָהל 227,936.

נעשיאָנאַל פּראָווידענט יוניאָן, געגרינדעט 1883. מיטגליעדער צאָהל 3,109.

אימפּראָוווד אָרדער אָוו רעד מען, געגרינדעט 1863. מיטגליעדער צאָהל 260,459.

אָרדער אָוו יונייטעד אמעריקען מעקעניקס, געגרינדעט 1845. מיטגליעדער צאָהל 47,011.

ענשיענט אָרדער אָוו יונייטעד וואָרקמען, געגרינדעט 1868. מיטגליעדער צאָהל 420,000.

אינדעפּענדענט אָרדער בני ברית, מעמבערשיפּ אין ניו יאָרק 5,300; אין ברוקלין 300; אין גאַנץ יונייטעד סטייטס 25,000.

האָט דריי לאָדזשען אין ברוקלין; יאָרק און 2 אין ברוקלין.

דער אינדעפּענדענט אָרדער פרי סאָנס אָוו איזראַעל האָט 6 לאָדזשען אין ברוקלין און 1 אין ניו יאָרק, און 5 פרויען לאָדזשען, וועלכע געפינען זיך אַלע אין ניו יאָרק.

אינדעפּענדענט אָרדער ברית אברהם, האָט 13 לאָדזשען אין ברוקלין 133 אין ניו יאָרק, 15 פרויען לאָדזשען, פון וועלכע איינע געפינט זיך אין ברוקלין און 1 אין ניו יאָרק.

אָרדער סאָנס אָוו בענדזשעמין האָט 6 לאָדזשען אין ברוקלין און 64 אין ניו יאָרק, 9 פרויען לאָדזשען אין ניו יאָרק און 2 אין צרוקלין.

---

סעמעטרים.

סעמעטרים אין ניו יאָרק און אומגעגענד זיינען דאָ 97.

צווישען וועלכע עס געפינען זיך פאָלגענדע אידישע:

„אהבת חסד שער חשמנאים“. — מעטראָפּאָליטען עוועניו, ברוקלין. ברוקלין ברידזש, פולטאָן קאר ביז רידזשוואוד. ניו יאָרק אָפּיס 55טע סטריט און לעקסינגטאָן עוועניו, טעמפּעל „אהבת חסד“.

„בײ סייד. — וואודהייווען, לאָנג איילענד. אָפּיס 38—40 הענרי סטריט. קינגס קאָונטי עלעווייטעד פיהרט אייך צו צו דער סעמעטרי.

„שערי צדק“. — זעה „בעי סייד“.

„סייפּערס הילס“. — מיט ברוקלין עלעקטריק קארס ביז דזשאמאיקא פון אירגענד וועלכער פערי אין ברוקלין; אָדער פון ברוקלין ברידזש.

„ניו יוניאָן פיעלד“. — אָפּיס טעמפּעל „בית אל“, 76טע סטריט און 5טע עוועניו. קאר זעה: „סייפּערס הילס“.

„סיילעם פיעלדס“. — דזשאַמאַיקאַ און יוקלינד עוועניו ברוקלין. קאַר זעה „סייפּערס הילס“.

„שארית ישראל“. — (פּאָרטוגעזישע סעמעטרי). קאַר: „סייפּערס היל“.

„יוניאָן פיעלד“. — ניו טאָון, געגנאיבער דעם ברוקלינער רעזערוואואַר. קאַר זעה „סייפּערס הילס“. אָפּיס 35 נעססאָו סטריט.

„וואשינגטאָן סעמעטרי“. — נעבען פארקוויל סטיישאַן. קאַר: ברוקלין ברידזש עלעווייטעד ביז 36טע סטריט ברוקלין, דאַן טראַנספער ביז וואשינגטאָן סעמעטרי.

דיא „פרעש פּאָנד קרעמעטאַרי“, — וואו טויטע ווערען פערברענט, געפינט זיך אין „מידל ווילליידזש“, נעבען „באָשוויק דזשאָנקשאָן“ מיט לאָנג איילענד רייל־ראָוד. אָפּיס: 62 איסט האָוסטאָן סטריט.

# מיליטאַריזמוס.

(סאלדאטשינע).

### יונייטעד סטייטס:

| | | |
|---|---|---|
| האָט אין דיענסט | אָפּיציערען | 14472 |
| „ | סאלדאטען | 124.000 |
| „ | אונבעואפּענטע | 9412 |
| „ | פערד | 16,400 |
| „ | טרייבער | 4600 |
| „ | קאַנאָנען | 1320 |

### דייטשלאנד:

| | | |
|---|---|---|
| האָט אין דיענסט | אָפּיצירען | 23,850 |
| „ | סאלדאטען | 2,126,894 |
| „ | אונבעוואפּענטע | 159,812 |
| „ | פערד | 148,000 |
| „ | טרייבער | 30,110 |
| „ | קאַנאנען | 3,372 |

### פראנקרייך:

| | | |
|---|---|---|
| האָט אין דיענסט | אָפּיצירען | 22,005 |
| „ | סאלדאטען | 1,959,302 |
| „ | אונבעוואפּענטע | 37,920 |
| „ | פערד | 129,700 |
| „ | טרייבער | 32,000 |
| „ | קאַנאנען | 3,270 |

### איטאַליען:

| | | |
|---|---|---|
| האָט אין דיענסט | אפּיצירען | 14,084 |
| „ | סאלדאטען | 486,929 |
| „ | אונבעוואפּענטע | 10,000 |
| „ | פערד | 52,700 |
| „ | טרייבער | 14,000 |
| „ | קאַנאָנען | 1,248 |

### עסטרייך־אונגארען:

| | | |
|---|---|---|
| האָט אין דיענסט | אָפּיצירען | 21,203 |
| „ | סאלדאטען | 710,660 |
| „ | אונבעוואפּענטע | 12,800 |
| „ | פערד | 59,312 |
| „ | טרייבער | ,16,000 |
| „ | קאַנאנען | 1,008 |

### רוסלאנד:

| | | |
|---|---|---|
| האָט אין דיענסט | אָפּיצירען | 37,767 |
| „ | סאלדאטען | 1,086,686 |
| „ | אונבעוואפּענטע | 42,315 |
| „ | פערד | 182,300 |
| „ | טרייבער | ,32,400 |
| „ | קאַנאנען | 3,354 |

### ענגלאנד:

| | | |
|---|---|---|
| האָט אין דיענסט | אָפּיצירען | 11,036 |
| „ | סאלדאטען | ,346,603 |
| „ | אונבעוואפּענטע | 32,100 |
| „ | פערד | 182,300 |
| „ | טרייבער | 6,000 |
| „ | קאַנאָנען | 1,314 |

### שפּאניען:

| | | |
|---|---|---|
| האָט אין פריעדען | מיליטער | 91,811 |
| אין קריעג | „ | 1,101,811 |

### בעלגיום:

| | | |
|---|---|---|
| אין פריעדען | מיליטער | 40,143 |
| אין קריעג | „ | 217,743 |

### נעטהערלאנד:

| | | |
|---|---|---|
| אין פריעדען | מיליטער | 72,805 |
| אין קריעג | „ | 217,743 |

דענעמאַרק:

| | |
|---|---|
| אין פריעדען מיליטער | 18,052 |
| אין קריעג " | 110,452 |

גריכענלאַנד:

| | |
|---|---|
| אין פריעדען מיליטער | 26,752 |
| אין קריעג " | 160,756 |

שווייצאַריען:

| | |
|---|---|
| אין פריעדען מיליטער | 144,236 |
| אין קריעג " | 522,031 |

שוועדען און נאָרוועגיען:

| | |
|---|---|
| אין פריעדען מיליטער | 65,036 |
| אין קריעג " | 315,336 |

בולגאַריען:

| | |
|---|---|
| אין פריעדען מיליטער | 34,628 |
| אין קריעג " | 180,628 |

סערביען:

| | |
|---|---|
| אין פריעדען מיליטער | 64,030 |
| אין קריעג " | 356,030 |

רומעניען:

| | |
|---|---|
| אין פריעדען מיליטער | 60,414 |
| אין קריעג " | 256,414 |

| | |
|---|---|
| יאַפּאַניען אין קריעג מיליטער | 453,703 |
| כינאַ " " " | 600,000 |
| מעקסיקאַ " " " | 207,904 |
| בראַזיליען " " " | 105,110 |
| טשילי " " " | 99,635 |
| אַרגענטיניען " " | 100,756 |
| ווענעזועלאַ " " | 171,150 |

קריעגס שיפען

| | |
|---|---|
| בעזיצט ענגלאַנד | 91 |
| " פראנקרייך | 49 |
| " יונייטעד סטייטס | 45 |
| " דייטשלאַנד | 40 |
| " איטאַליען | 25 |
| " רוסלאַנד | 37 |
| " עסטרייך־אונגארען | 13 |
| " שפּאַניען | 8 |
| " דענעמארק | 2 |
| " נעטהערלאַנד | 6 |
| " טירקיי | 9 |
| " שוועדען | 2 |
| " נארוועגען | 1 |
| " פּארטוגאל | 2 |
| " גריכענלאַנד | 3 |
| " בראזיליען | 3 |
| " טשילי | 5 |
| " אַרגענטיניען | 2 |
| " יאפּאניען | 13 |

שנעלסטע דאמפף שיפען.

פאָלגענדע שיפען האָבען געמאַכט זייער רייזע איבער'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן פון אָדער נאָך נויאָרק:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| „לוקאניא" | אין | 5 | טעג 7 | שטונד. |
| „דייטשלאַנד" | " | " | 6 | " |
| „קאמפּאניאַ" | " | " | 12 | " |
| „סיטי אָוו פּאַריז" | | " | 14 | " |
| „טויטאניק" | " | " | 16 | " |
| „מאַדזשעסטיק" | | " | 18 | " |
| „קייזער ווילהמ. דער גראָסער" | | | 20 | " |

# האָספּיטאַלס און דיספּענסעריס אין נויאָרק.

האָספּיטאַלס אין ניו־יאָרק.

אין ניו־יארק זיינען דאָ 73 האָספּי־טעלער. דיא מעהר בעוואוסטע פון זיי זיינען:

בייבים האָספּיטאַל אָוו דהי סיטי אָוו ניו אָרק; לעקסינגטאָן עוועניו קאָרנער 55טע סטריט.

בעלוויו האָספּיטאַל 26 ביז 28 סטריט און ערשטע עוועניו.

בית ישראל האָספּיטאַל 206 איסט בראָדוויי.

סיטי האָספּיטאַל, בלעקוועלס איי־לענד. נעהמט איסט ריווער סיטימער נע־בען דער איסט 26טער סט. ביים ריווער

קאָלאָמבוס האָספּיטאַל 226 איסט 20טע סטריט.

עמוירדזשענסי האָספּיטאַל פאַר פרויען, 223 איסט 23טע סטריט.

פלאָוער האָספיטאל 63טע סטריט און עוועניו איי. איין האָמעאפּאטישער האָספיטאל.

דייטשער האָספיטאַל און דיספּענסאַרי פון ניו־יאָרק סיטי, פּאַרק עווענױ און 77טע סטריט.

גאָווערניער האָספיטאַל, גאָווענער סליפּ, קאָרנער פראָנט סטריט.

ראָפּטשורד און קריפּעלד פיר געבראָכענע און קאַליקעס האָספיטאַל 42טע סטריט קאָרנער לעקסינגטאָן עווענױ.

סקאַרלעט פיבער און דיפטעריא האָספיטאַל איסט 16טע סטריט ביים וואסער.

לעבאַנאָן האָספיטאַל, 150טע סט. און וועסטשעסטער עווענױ.

מאַנהעטען איר ענד איי האספּיטאל פיר אויערען און אויגען קראנקהייטען, פּארק עוו. קאָר. 41טע סטריט.

מאָונט סינאַי האָספיטאַל, לעקסינגטאָן עווענױ, קאָרנער 66טע סטריט.

ניו יאָרק האָספּיטאַל, 7 ביז 21 וועסט 75טע סטריט.

ניו יאָרק אויגען און אויערען אינסטיטוט, 46טע איסט 12טע סטריט.

ניו־יארק איר ענד איי אינסטיטוט פיר אויערען און אויגען קראנקהייטען, 46 איסט 12טע סטריט.

ניו יאָרק פּאָסט גרעדיואייט האָספּיטאַל, 20טע סטריט און סעקאָנד עווענױ.

ניו יאָרק סקין און קענסער האָספּיטאל, פיר הויט קראנקהייטען און געשוועהרליכע געוויקסע, 19טע סטריט און 2טע עווענױ.

פּרעסביטאַריאן האָספּיטאַל, מעדיסאן עווענױ און 70טע סטריט.

סענט לוקס האָספיטאַל, 113טע סטריט און אמסטערדאם עווענױ.

סענט מאַרקס האָספּיטאַל 79—177 2טע עווענױ.

וואומען'ס האָספּיטאַל, 49טע און 50טע סטריט, צווישען לעקסינגטאָן און 4טע עווענױ.

לייאינג אין האָספיטאַל פאר אָרימע קינדפעטאָרינס, 314 ברום סטריט.

---

דיספּענסערים.

אין ניו יאָרק זיינען דאָ 61 דיספּענסערים. מיר גיעבען דאָ דיא אדרעסען, נעמען און אָפּפיס שטונדען פון דיא פּאָלגענדע הויפּט דיספּענסערים.

בעלוויו—איסט 26טע סטריט, נעבען ריווער פון 9 מאָרגענס ביז 5 אבענדס.

בית ישראל — 206 איסט בראָדוויי פון 12 מיטאג ביז 5 אבענדס.

דעמילט — 245 איסט 23טע סט., פון 9 מאָרגענס ביז 12 מיטאג.

דענטאַל קאָללעדזש דיספּענסערי, 205—207 איסט 23טע סטריט פון 9 מאָרגענס ביז 12 מיטאג.

דייטשע פּאָליקליניק 78 איסט 7טע סטריט, פון 1 נאָכמיטאג ביז 5 אבענדס.

דזשערמיין דיספּענסערי 137 2טע עווענױ, פון 2 ביז 5 נאָכמיטאג.

גוד סעמעריטען, 73 עססעקס סטריט פון 9 מאָרגענס ביז 4 נאָכמיטאג.

מאָונט סינאַי — 66טע סטריט, קאָרנער לעקסינגטאָן עווענױ פון 1 ביז 4 נאָכמיטאג.

ניו יאָרק — 137 סענטער סטריט פון 9 מאָרגענס ביז 5 אבענדס.

ניו־יארק איר ענד איי האספּיטאל און דיספּענסארי, 2טע עוו. און 13טע סטריט, פון 12.30 ביז 3 אוהר נאָך מיטאג.

ניו יאָרק פּאָסט גרעדיואייט, 20 סטריט און 2טע עווענױ פון 9 מאָרגענס ביז 5 אבענדס.

ניו יאָרק סקין און קענסער — 19טע סטריט און 2טע עווענױ פון 12 ביז 4 נאָכמיטאג.

רוזוועלט — 59טע סטריט און 9טע עווענױ.

וואַנדערבילט קליניק, 60טע סט. און 10טע עווענױ פון 10 מאָרגענס ביז 4 נאָכמיטאג.

# דיא פרעזידענטען

## פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

| דער נאמען. | געבורטסטאג. | דיא צייט ווען געוועזן פרעזידענט. | ווען געשטאָרבען. |
|---|---|---|---|
| דזש. וואשינגטאָן | 22 פעבר. 1723 | פון 1789 ביז 1797 | 14 דעצ. 1799 |
| דזשאהן עדעמס | 30 אָקט. 1735 | 1797 — 1801 | 4 דזשוליי 1826 |
| טה. דזשעפערסאָן | 13 אפריל 1743 | 1801 — 1809 | 4 דזשוליי 1826 |
| דזשיימס מעדיסאָן | 15 מערץ 1751 | 1809 — 1817 | 28 יוני 1836 |
| י. מאָנראָ | 28 אפריל 1758 | 1817 — 1825 | 4 יולי 1831 |
| ד. קווינסי עדעמס | 11 יולי 1767 | 1825 — 1829 | 23 פעב. 1848 |
| ענדריו דזשעקסאָן | 15 מערץ 1767 | 1829 — 1837 | 8 יוני 1845 |
| מארטין וועז בורען | 5 דעצ. 1782 | 1837 — 1841 | 24 יולי 1862 |
| וו. ה. הערריסאָן | 9 פעבר. 1773 | 1841 — 1841 | 4 אפריל 1841 |
| דזשאהן טיילער | 29 מערץ 1790 | 1841 — 1845 | 17 יאנ. 1862 |
| דזשיימס ק. פאָלק | 9 נאָוו. 1795 | 1845 — 1849 | 15 יוני 1849 |
| זאכארי טיילאָר | 24 נאָוו. 1784 | 1849 — 1850 | 9 יולי 1850 |
| מ. פילמאָר | 17 יאנ. 1800 | 1850 — 1853 | 9 מערץ 1874 |
| פ. פיערס | 23 נאָוו. 1804 | 1853 — 1857 | 8 אָקט. 1853 |
| דזש. ביוקענען | 23 אפריל 1791 | 1857 — 1861 | 1 יוני 1868 |
| א. לינקאָלן | 12 פעבר. 1809 | 1861 — 1865 | 15 אפריל 1865 |
| אנדריו דזשאָהנסאָן | 29 דעצ. 1808 | 1865 — 1869 | 31 יולי 1875 |
| י. ס. גרענט | 27 אפריל 1822 | 1869 — 1877 | 23 יולי 1885 |
| ר. ב. הייעס | 4 אָקט. 1822 | 1877 — 1881 | 17 יאנ. 1893 |
| דזש. א. גארפילד | 19 נאָוו. 1831 | 1881 — 1881 | 19 סעפט. 1881 |
| ס. א. ארטהור | 5 אָקט. 1830 | 1881 — 1885 | 18 נאָוו. 1886 |
| גראָווער קליוולענד | 18 מערץ 1837 | 1885 — 1889 | לעבט נאָך. |
| ג. הערריסאָן | 20 אָגוסט 1833 | 1889 — 1893 | 13 מערץ 1901 |
| גראָווער קליוולענד | 18 מערץ 1837 | 1893 — 1897 | לעבט נאָך. |
| וויליאם מעקינלי | 29 יאנ. 1843 | 1897 — 1901 | 14 סעפט. 1901 |
| טה. רוזוועלט | 27 אָקט. 1858 | 1901 | |

# דיא געשיכטע

— פון דיא —

# אידישע צייטונגען און זשורנאַלען

## אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

(כראָנאָלאָגישע טאַבעלע).

(דיא סאָציאַליסטישע און ארבייטער פובליקאַציאָנען זיינען געדרוקט מיט דיקערע אותיות)

| דיא נעמען פון דיא צייטונגען און זשורנאַלען. | דיא נעמען פון דיא ערשטע רעדאַקטערע. | פובליצירט אין דער שטאָדט. | ווען געגרינדעט. |
|---|---|---|---|
| דיא אידישע נייעס. | י. קאָהען | נויאָרק | 1871 |
| דיא אידישע פּאָסט. | ה. גערסאָני | " | 1872 |
| נ. י. אידישע צייטונג. | ק. סאראזאָהן | " | 1872 |
| אידישע גאַזעטען. | ק. סאַראַזאָהן | " | 1874 |
| ניו יאָרקער איזראעליט. | מ. יאלאָמשטיין | " | 1875 |
| דיא יודישע פאָלקסצייטונג. | טעפלאווסקי און לאַנדאַו | " | 1878 |
| דיא איזראעליטישע פּרעססע. | נ. עטעלסאָן און מאַרקוס | שיקאַגאָ | 1879 |
| נ. י. יודישע צייטונג. | וו. וועקסלער | נויאָרק | 1885 |
| יודישעס וואָכענבלאַט. | אונבעקאַנט | " | 1885 |
| יודישעס טאַגעבלאַט. | ק. שאַראַזאָהן | " | 1885 |
| דיא נייע צייט. | טש. ראַיעווסקי און אַב. קאַהאַן | " | 1886 |
| נ. י. יודישע פאָלקסצייטונג. | אב. בראָסלאַווסקי און משה מינטץ | " | 1886 |
| דער יודישער קוריער. | ל. זאָלאָטקאָוו | שיקאַגאָ | 1887 |
| נ.י. יודישע אילוסטרירטע צייטונג | אב. גאָלדפאַדען | נויאָרק | 1887 |
| דער פאָלקסאַדוואָקאַט. | ג. זעליקאָוויטץ | " | 1887 |
| דיא וועלט . | טש. ראַיעווסקי | " | 1887 |
| דיא ווייבערשע צייטונג. | מ. וועקסלער | " | 1888 |
| דיא נייעסטע פּאָסט. | ד. אַפּאָטהעקער און מ. וועקסלער | " | " |
| דיא גרויסע בייטש. | י. פּעטריקאָווסקי און ד. אַפּאָטהעקער | " | 1889 |
| דער הויזפריינד. | י. יאפּפּאַ | " | " |
| דיא וואהרהייט. | זאַלצבערג | " | " |
| דער יודישער פּראָגרעסס. | אל. האַרקאַווי | באלטימאָרע | " |
| דער ליטוואקעל. | י. יאפּפּאַ | נויאָרק | " |
| דער מאָרגענשטערן. | אב. בראסלאווסקי | " | " |
| דער מענשענפריינד. | מ. שייקעוויטש | " | " |
| **דיא פרייע ארבייטער שטימע** | ר. לואיס און א. בראָסלאווסקי | " | 1890 |
| **ארבייטער צייטונג** | פ. קראנץ | " | " |
| דער טעלעגראַף. | י. וואגמאַן | " | " |
| דער יודישער העראָלד. | ג. זעליקאָוויטש | " | " |
| דער נייער טעלעפאָן. | נ. מ. שייקעוויטש | " | " |
| שולמית. | א. בלויסטאָן | " | " |

| דיא נעמען פון דיא ציימונגען און זשורנאַלען. | דיא נעמען פון דיא ערשטע רעדאַקטערע. | פובליצירט אין דער שטאָדט. | ווען געגרינדעט. |
|---|---|---|---|
| דער איזראעליט | וו. שור | באַלטימאָרע | 1891 |
| דער פאַטריאָט | א. דיינאַרד | נואַרק | ״ |
| דיא אידישע פּאָסט. | י. פּאַליי | פילאדעלפיא | 1892 |
| דיא זון. | מ. ראָזענפעלד | נויאָרק | 1892 |
| דיא צוקונפט. | אב. קאַהאַן | ״ | ״ |
| דער טעגליכע העראַלד. | מ. מינטץ | נויאָרק | ״ |
| דיא יודישע וועלט. | ל. זאָלאָטקאָוו | שיקאַגאָ | ״ |
| דער יודישער פארמער. | ה. ראָזענטהאַל | נויאָרק | ״ |
| דער אידישער אָדלער. | ג. זעליקאָוויטש | באָסטאָן | 1893 |
| דער וועכטער. | י. יאַפּפּאַ | נויאָרק | ״ |
| דער יידישער רעקאָרדער. | ג. מינטץ | ״ | ״ |
| דער לאַנד חכם. | נ. מ. שייקעוויטש | ״ | ״ |
| דער קריטיקער. | י. יאַפּפּאַ | ״ | ״ |
| אידישע גאַזעטען פון דער וועסט | ג. זעליקאָוויטש | שיקאַגאָ | 1894 |
| דער אידישער פּאָק. | נ. מ. שייקעוויטש און מ. זייפערט | נויאָרק | ״ |
| דיא אבענד בלאַט | פ. קראַנץ | ״ | ״ |
| דער אמת. | מ. ווינטשעווסקי | באָסטאָן | 1895 |
| דער בלומענגאַרטען. | י. ליבלינג | פיטסבורג | ״ |
| דיא געגענוואַרט. | ד. אַפּאָטהעקער | פילאדעלפיא | ״ |
| דיא פרייע געזעלשאַפט. | מ. לעאָנטיעוו און מ. קאַטץ | נויאָרק | ״ |
| דער אַנצייגער. | וו. פּאָמעראַנץ | ברוקלין | 1897 |
| נאַטור אונד לעבען. | י. טערר | נויאָרק | ״ |
| דיא נייע וועלט. | מ. שאַרקאַנסקי | ״ | ״ |
| פאָרווערטס. | אב. קאָהאַן | ״ | ״ |
| דער נייער גייסט. | א. האַרקאַווי | ״ | ״ |
| דיא צייט. | מ. מ. דאָליצקי | ״ | ״ |
| טעגליכע פרעססע. | ג. זעליקאָוויטש | נויאָרק | 1898 |
| דאָס ליכט. | נ. מאָזעסאָן | סאַן פראַנציסקאָ | ״ |
| דיא נייע צייט. | ב. פייגענבוים | נויאָרק | 1898 |
| דיא ניו יאָרקער אבענד פּאָסט. | סאפירשטיין | ״ | ״ |
| דיא פאָלקסצייטונג. | מ. גירזדאַנסקי | ״ | 1899 |
| דער סאָציאַל - דעמאָקראַט. | מ. זאַמעטקין | ״ | ״ |
| דער מאָרגען זשורנאַל | סאפירשטיין | ״ | 1901 |

# צום קעמפפער.

עס ליאַרעמט און שטורעמט, עס יאָמערט און שרייט,
עס שפּאַרט זיך דער שונא פון יעדערן זייט
און ס'פלאַקערט דער ווילדער, דער בלוטיגער שטרייט
ארום אין דער לייגג און דער ברייט.
און ס'דריקט אונגעהייער דיא אונרעכט און שלעכטס,
און ס'טראָגט זיך אונענדליך אין לופטען אַ קרעכץ,
און ס'קלייבען זיך קרעפטען פון לינקס און פון רעכטס —
געשווינד, אך, מיין פריינד, זיי געגרייט!
דוא גיב מיר דיין טרייע, דיין מעכטיגע האַנד,
און פעסט און געשלאָסען צוזאַמען ביינאַנד
מיר וועלען זיך שטעלען אזוי וויא אַ וואַנד
און שטרייטען אויף לעבען און טייט...

* * *

און טאָמער מיין פריינד, וועסטו גליקליך ארויס
פון בייזען, פון העלישען שטרייט
דאַן בין איך דיר וועניג מקנא — איך ווייס:
עס וועט ניט פארבייגיין פיעל צייט,
און ווידער צום שטרייט וועט זיך רייסען דיין הערץ
און שטאָלץ דיינע פפליכט דיר צייגען;
אַך, לעבען אין אַנגסטען אַזעלכע און שמערץ —
נור שטיינער, דיא קענען דאָ שווייגען!

* * *

און טאָמער, מיין פריינד, וועסט דוא פאַלען און ס'וועט
דיא ערד מיט דיין בלוט זיך בעפלעקען,
דאַן וועלען דיא בלוטען איהר אָנטרינקען פעט
און הערליך מיט בלומען פערדעקען.

* * *

עס וואָלט דאָרט בליהען דיא הערליכסטע בלומען,
און גוטע און עהרליכע מענשען
זיי וועלען דערפיהלען דעם ריח, און קומען
און לויבען דיין נאָמען און בענשען.

א. ליעסין.

# דיא סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין אַמעריקא.

„דער ניינצעהנטער יאהרהונדערט וועט זיין דער יאהרהונדערט פון מענשליכקייט!“ דאָס איז דיא נבואה, מיט וועלכע וויקטאָר הוגאָ שליסט זיין מייסטערפּאָלע פּאָעמע „דיא לעגענדע פון דיא יאהרהונדערטע“, וואו זיין זשעני בלישטשעט אַרויס פון יעדער שורה בעזונדער און וואו ער האָט פערצייכענט איינעם נאָך איינעם דיא פערברעכען פון דיא פערשיעדענע עפּאָכען.

אַז מען שרייבט וועגען סאָציאַליזמוס פּאַסט זיך זעהר צו ציטירען דעם גרויסען פראַנצויזישען פּאָעט. זיין גאַנצער געדאַנקען־גאַנג איז געווען דורכגעדרונגען דערפון; און דיא ציטערנדע סטרונעס פון זיין פּאָעזיע זיינען געווען דורכגעפלאָכטען מיט דיא אידעאַלען פון סאָציאַליזמוס. ער האָט מיט שטאָלץ גענומען אַ טהייל אין דיא פערפאָלגונגען, אין דיא צרות, וואָס דיא פּיאָנירען פון דער סאָציאַליסטישער אידעע האָבען איבערגעליטען. אין 1864, ווען הוגאָ איז געווען אין גלות, פעריאָגט פון זיין לאַנד, האָט ער געשריבען:

„מאַכען פון דעם המון, פון דעם פּעבּל אַ פאָלק, — וואָס אַ שווערע אַרבּייט, וואָס פאַר אַ גרויסע אויפגאַבּע דאָס איז! מיט דיזער אַרבּייט האָבען זיך דיא מענער, וואָס טראָגען דעם נאָמען סאָציאַליסטען, אָבּגעגעבּען אין גאַנצען פאַר דיא לעצטע פערציג יאָהר. דער פערפאַסער פון דיזען בּוך, וויא אונבּעדייטענד ער זאָל ניט זיין, איז איינער פון דיא לעצטע אין דיזער אַרבּייט. אויבּ ער וויל האָבען זיין פּלאַץ צווישען דיזע פילאָזאָפען איז עס נור דערפאַר, ווייל עס איז אַ פּלאַץ, וואו מען ווערט פערפאָלגט. אַ געוויסער האַס צום סאָציאַליזמוס, אַ זעהר בּלינדער, אָבער אַ זעהר אַלגעמיינער האַס, האָט געבּושעוועט פאַר דיא לעצטע פופצעהן אָדער זעכצעהן יאָהר און בּושעוועט נאָך יעצט אויך אויף אַ בּיטערן אופן צווישען דיא איינפלוסרייכע קלאַסען. מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז דער ענד־ציעל פון דעם אמת'ן סאָציאַליזמוס איז דיא ערהויבּונג פון דיא מאַסען צו דער בּירגערליכער ווירדע, און אַז זיין הויפּט אויפגאַבּע איז דאַרום, אויסצובּילדען דאָס פאָלק מאָראַליש און אינטעלעקטועל“.

אויב דער צוואַנציגסטער יאהרהונדערט, וויא איך גלויב, וועט פערווירקליכען דיא נבואה פון וויקטאָר הוגאָ און וועט זיין דער „יאהרהונדערט פון מענשליכקייט“, וועט עס זיין דער העכסטער פונקט, צו וועלכען דיא סאָציאַליסטישע אַגיטאַציאָן פון דעם פערגאַנגענעם יאהרהונדערט האָט געשטרעבט — דער גענוס פון סאָציאַליזמוס.

אין דיא סאַמע לעצטע יאָהרען פון דעם פאָרלעצטען יאהרהונדערט, באַלד נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, האָט מען אין אייראָפּאַ געשטרעבט צו דעם, וואָס האָט זיך נאַכהער ענטוויקעלט און געוואָרען דער מאָדערנער סאָציאַליזמוס. פערשטעהט זיך, אַז דיא ערשטע פאָרמען זיינען געווען טומאַנע און אונבעשטימט; און דער וועג איז נאָך ניט געווען זיכער. אָבער ווען דער געברויך פון דאַמפּף האָט זיך פערברייטעט און איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָנגעווענדעט געוואָרען אין דער אינדוסטרי, אויסאיבענדיג זיינע אונפערמיידליכע עפעק־

טען אויף דיא ארבייטער און אויף דיא קליינע ביזנעס - לייט, האָט זיך דיא בעוועגונג אַלץ מעהר און גיכער ענטוויקעלט. אין אָנפאַנג איז זיא געוועזן הויפטזעכליך אוטאָפּיסטיש; אָבער פיעלע יאָהרען שפּעטער, אין מיטען פון דעם נעכסטען יאהרהונדערט, איז זיא קריסטאַליזירט געוואָרען דורך דער זשעני פון מאַרקס, ענגעלס, לאַסאַל און אַנדערע, וועלכע האָבען אויפגעכאַפּט דעם רעוואָלוציאָנערען שטראָם, האבען איהם אויסגעלייטערט און איהם אַוועקגעלאָזט איבער דער וועלט מיט דער אויפגאַבע צו פערברייטען פרייהייט און ברידערליכקייט.

דיא ערשטע שפּורען פון סאָציאַליזמוס אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָבען זיך געפונען אין דעם שטראָם פון איינוואַנדערער, וועלכע האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן פון דער אַלטער וועלט אַהער, אין דער נייער, און האָבען געטראָגען מיט זיך דיא אונצופריעדענהייט, וואָס דער אויסגעשפּיעלטער פעאָדאַליזמוס פון אייראָפּא האָט אין זיי איבערגעלאזען. איך וועל ניט פערצייכנען דיא פיעלע פערזוכע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין פערלויף פון איבער אַ האַלבען יאהרהונדערט, דאָס הייסט אונגעפעהר ביז 1840, צו פערשפּרייטען סאָציאַליסטישע אָדער האַלב - סאָציאַליסטישע לעהרען צווישען דעם אַמעריקאַנער פאָלק. איך וועל גלייך אריבערגעהן צו יענער פעריאָדע. דיא צייטען זיינען געוועזן זעהר ערנסטע, און דיא פערשיעדענע סקימס און פּלענער, וועלכע זיינען פאָרגעשלאָגען געוואָרען, וויא איינגעבילדעט זיי האָבען ניט אויסגעקוקט, זיינען זיי דאָך געוועזן גוטע צייכענס פון דער צייט. זיי האָבען אָנגעדייטעט אויף דער מעכטיגער ענדערונג וואָס מוז איינטרעטען אין דיא רעגירונגען און אין דיא אינסטיטוציאָנען, דיא ענדערונג, וועלכע וועט זיי אַלע רעוואָלוציאָנירען און וועט ערהויבען דיא מענשליכע ראַסע צו דער מדרגה פון אַן אוניווערסעלע, אַן אַל - מענשליכע ציוויליזאַציאָן.

כמעט אַכציג יאָהר צוריק איז ראָבערט אָווען, אַ בעל - חלומות, אַן ענטהוזיאַסט און אַ מענשענפריינד, אראָבגעקומען פון ענגלאַנד קיין אַמעריקאַ, צו פערפלאַנצען דיא נייע וועלט מיט זיינע רייצענדע, אוטאָפּיסטישע בלומען. זיינע קאָמוניסטישע עקספּערימענטען, וועלכע האָבען זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט, זיינען פון דעסטוועגען אַן אינטערעסאַנטער סטודיום אין דיא ערשטע יאָהרען פון דער אַמעריקאַנער בעוועגונג; און אָבוואָהל פאר אונז, מיט דער ערפאַהרונג פון אינדוסטריעלער ענטוויקלונג וואָס מיר האָבען געהאַט, מעג זיין אונטערנעהמונג אויסקוקען איינגעבילדעט און זאָגאַר נאַריש, ער האָט אָבער געטהאָן זיין טהייל אָבצוראַמען דעם וועג, צו פערטרייבען דעם טומאַן, און דיא געשיכטע פון סאָציאַליזמוס קען ניט געשריעבען ווערען אָהן זיין נאָמען.

וויניגער אוטאָפּיסטיש און פיעל פערנינפטיגער איז אָהן צווייפעל געוועזן דיא בעוועגונג פון דיא פערציגער יאהרען, ווען דאָס וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „פּויעריזם“ האָט געשפּיעלט אַן אינטערעסאַנטע ראָלע אין אַמעריקאַ.

פיעלע פון דיא העכסט אינטעליגענטע מענער און פרויען פון יענער צייט זיינען צוגעצויגען געוואָרען צו דיזער בעוועגונג.

מיט אַ ברענענדען ענטהוזיאַזמוס האָבען זיך דיא מענשען אריינגעוואָרפען אין דער בעוועגונג און זיי האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט מיט לייב און מיט לעבען צו מאַכען פון די אַמעריקאַנער שטאַאטען אַן ארץ זבת חלב ודבש. עס פערשטעהט זיך, אַז דיא הויפּט זאַך וואָס האָט דיא מענשען צוגעצויגען צו דיזער אונטערנעהמונג איז געוועזן דאָס געפיהלפאָלע און סימפּאַטישע וואָס איז געוועזן דערין, אָבער דאָך האָט דיא אונטערנעהמונג אויך געהאַט אַ פעסטען וויסענשאַפטליכען גרונד, וויא עס איז ענדליך בעשטעטיגט געוואָרען פון דיא מענשען, וואָס האָבען מיט אַזאַ איבערגעבענהייט גענומען אַנטהייל אין איהר. דיא ברוק פאַרם, אַ שעהנער אנדיינקען פערמישט מיט מעלאַנכאָליע, איז געגרינדעט געוואָרען לעבען באָסטאָן אין 1841. צווישען דיא בעריהמטע נעמען, וועלכע זיינען געוועזן פערבונדען מיט דער ברוק פאַרם, זיינען דיא פאָלגענדע פון גרויסער אינטערעסע נאָכדעם וויא עס איז אַריבער 60 יאָהר זייט דאַן: דזשאָרדזש ריפּליי, ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן, האָראַס

גריליי, דזשיימס ראסעל לאָועל, דזשאהן
גרינליעף וויטיער, וויליאם קאָלען בריי־
אַנט, אַלבערט בריסביין, וויליאם עלערי
טשאַנינג, דזשיימס פרימאַן קלאַרק, טהעאָ־
דאָר פּאַרקער, א. בראָנסאָן אַלקאָטט,
דזשאָהן טהאָמאַס קאָדמאַן, הענרי ד.
טהאָראָ, נאַטהאַניעל האָטהאָרן, דזשאָרדזש
בייקראָפט. טשאַרלס א. דאַנא און
דזשאָרדזש וויליאם קווירטיס.

דיא ברוק פאַרם אַסאָסיאיישיאָן איז
געווען הוילע אידעאַל אין בעגריעף, און
זיא האָט געאַטהעמט מיט גלייכהייט און
מיט ברידערליכקייט. זיא האָט זיך
פאַרגענומען גיכער צו זיין אַ ראַדיקאַלע
און איניווערזעלע רעפאָרם - אינסטיטו־
ציאָן, איידער „צו אַרבייטען געגען אַ גע־
וויסען איינצעלנעם איבעל.“ אין דער
איינלייטונג צו זייער פּראָגראַם האָבען
דיא מיטגליעדער געזאָגט, אַז דיא אַר־
בייט וואָס זיי האָבען אונטערנומען איז
ניט איינפאַך אַ רעזאָלוציאָן, אַ בעשלוס,
זאָנדערן אַ נויטווענדיגער שריט אין דעם
פּראָגרעס, וועלכען קיינער קען ניט זיין
בלינד גענוג צו גלויבען אַז ער האָט ער־
רייכט זיין גרענעץ, זיין ענדע - פּונקט.

און אַ חוץ דעם, האָבען זיי גע־
זאָגט: „מיר גלויבען, אַז דיא מענש־
הייט, וועלכע האָט זיך ערצויגען אין דיזע
לאַנגע יאהרהונדערטע פון ליידען און פון
קאַמפּף, וועלכער איז אָנגעפיהרט געוואָ־
רען פון אַזוי פיעל הייליגע, אַזוי פיעל
העלדען און קלוגע לייט, — מיר גלויבען,
אַז דיא מענשהייט איז ענדליך פאַרבעריי־
טעט אַריינצוקומען אין דיזער אוניווער־
זעלער אָרדנונג, צו וועלכער זיא האָט
כסדר געשטרעבט. דאַרום ערקלעהרען
מיר, אַז דיא הייליגע פפליכט פון דיזער
צייט און פון דיזען לאַנד; ניין, פיעל
מעהר, אַז דיא איינציגע ערלייזונג פון
דיזען לאַנד און פון אַלע ציוויליזירטע
לענדער בעשטעהט אין דעם צו רעאָר־
גאַניזירען דיא געזעלשאַפט לויט דיא
אונפערענדערבאַרע געזעצע פון דער
מענשליכער נאַטור און איינצופיהרען אַ
אַלגעמיינע האַרמאָניע אין דער וועלט.

דיזע שטעלען גיעבען אַ וואונדער־
פאָלען, קלאָהרען בעגריעף פון יענער צייט,
און זיי וואָלטען געדאַרפט וויניג אומ־
געענדערט ווערן, אום זיי צוצופאַסען פאַר
אַ מאָדערנע וויסענשאַפטליך סאָציאַליס־
טישע פּלאַטפאָרמע.

דער לעצטער פּאַראַגראַף איז ווערטה
זיך צו געפינען אין דער סאָציאַליסטישער
ליטעראַטור, ער דריקט אויס דעם גלויבען
וואָס דיא ברוק פאַרמערס האָבען געהאַט
אין דער פערווירקליכונג פון זייערע האָפ־
נונגען און פון זייערע ווינשע. אָט איז עס:
„און וואָס דער רעזולטאַט פון אירגענד
וועלכע ספּעציעלע אָנשטריינגונגען זאָל
ניט זיין, מיר קענען קיינמאָהל ניט צווייפ־
לען, אַז דער ציעל, וועלכען מיר האָבען
אין אויג, וועט ענדליך עררייכט ווערען;
אַז דאָס מענשליכע לעבען וועט נאָך ענט־
וויקעלט ווערען, ניט אין אונאיינינקייט
און אין נויטה, זאָנדערן אין האַרמאָניע
און אין פריידע, און אַז דיא פערפאָלקאָ־
מענע ערד וועט ענדליך טראָגען אין איהר
שויס אַ ראַסע פון מענשען, וועלכע וועלען
האָבען דיא ווערטה אַזוי אָנגערופען צו
ווערען“.

דאָס איז געשריעבען געוואָרען אין
1844, און דער גאַנצער דאָקומענט בע־
ווייזט קלאָהר און דייטליך וויא שטאַרק
דער סאָציאַליסטישער געדאַנק איז שוין
דאַן געווען ענטוויקעלט.

ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן האָט גע־
שריעבען: „און ווירקליך, איך רעספּעק־
טיר דיא עדעלע אידעען פון דיא סאָציאַ־
ליסטען, דיא הויכקייט, דיא גרויסקייט
פון זייערע טהעאָריען, און דעם ענטהו־
זיאַזמוס, מיט וועלכען זיי זיינען פּראָפּאַ־
גאַנדירט געוואָרען.“

אַלבערט בריסביין, פּאַרק גאָדווין און
האָראַס גריליי זיינען געווען פּראָמינענטע
פיגורען פון יענער צייט. גריליי איז געווען
דער איינציגער אין זיין אַרט, דער קלאָהר־
זעהענדסטער און דער פּראַקטישסטער פון
אַלעמען. רעוואָלוציאָנערעס בלוט האָט
צירקולירט אין זייערע אַלעמענס אָדערן—
אַלע האָבען מעהר אָדער וויניגער בע־
גריפען דעם שטראָם פון דער צייט —
דאָס אונפערמיידליכע שטרעבען צום קאָ־
לעקטיוויזמוס און אינדוסטריעלע פריי־
הייט.

מאַרקס און זיינע מיטהעלפער האָבען
דערוייל געלייטערט דיא דונקעלע אַטמאָ־
ספערע אין דער אַלטער וועלט. זיי האָבען
געזוכט דיא בעגרינדונג פון דיא אידעען
און האָבען זיא ענדליך געפונען אין דער

„מאַטעריאַליסטישער געשיכטס - אויפפאַסונג“, דער גרונד פון סאָציאַליסטישער טהעטיגקייט אין דער גאַנצער וועלט. פון דער צייט און ווייטער האָט דיא בעוועגונג געהאַט אַ וויסענשאַפטליכע בעגרינדונג, דיא צושפּרייטע און צוקריעגטע פאַרטייען האָבען זיך לאַנגזאַם פעראייניגט, און דער סאָציאַליזמוס איז געוואָרען אַ בעשטימטער און אנערקענטער פאַקטאָר אין דעם פּאָליטישען און אינדוסטריעלען שיקזאַל פון דער מענשהייט.

דיא טהעטיגקייט פון דיא אייראָפּעאישע פּיאָנירען האָט בעגייסטערט דיא אַמעריקאַנער. דיא סאָציאַליסטען וואָס זיינען אריבערגעקומען אַהער און האָבען זיך גענומען מאַכען פּראָפּאַגאַנדא פאַר זייערע אידעען, האָבען געהאַט אויף זיי אַ גרויסע ווירקונג. זיי האָבען גענומען פאָרטזעצען זייערע טהעטיגקייט מיט פרישער ענערגיע, זיי האָבען פערשפּרייט דיא זאַמען פון זייערע אידעען נאָהענט און ווייט און זייערע לעהרען האָבען געקראָגען א באָדען אין אַמעריקאַ.

אַלבערט בריסביין איז געוועזן איינער פון דיא העלדישע פיגורען צו בעגייסטערן דיא אַמעריקאַנישע בעוועגונג און איהר צו געבען דיא ריכטונג. ער איז געוועזן אַן אויסגעשפּראָכענער סאָציאַליסט און נאָך אין 1840 האָט ער אויסגעדריקט זיינע אַנזיכטען אין אַ בוך מיטן נאָמען „דאָס סאָציאַלע שיקזאַל פון מענשען אָדער דיא אַססאָסיאַציאָן און רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער אינדוסטרי“. אין דיעזען ווערק האָט ער שטאַרק אַגיטירט פאַר קאָאָפּעראַטיווע אינדוסטריע און פאַר „אַ גלייכע פערטהיילונג פון פּראָפיט צו יעדען אינדיווידיאום, צו יעדען בעזונדער.“

ניט וועלענדיג אראָפּוואַרפען קיינעם פון דיא מענער פון יענער צייט, מוז מען זאָגען, אַז דיא גרויסע פערזענליכקייט, דיא בעצויבערנדע איינפאַכקייט, צוזאַמען מיט דער טיעפער קענטניס און ערנסטקייט פון האָראַס גרילי האָט אַרויסגערופען אַ ספּעציעלע בעוואונדערונג פון יעדען איינעם. דיא וויכטיגקייט פון גרילי׳ס איינפלוס אין דער געשיכטע פון דעם סאָציאַליזמוס פון אַ מאָהל, ווען דער נאָמען סאָציאַליסט אליין איז געוועזן גענוג ארויסצורופען האַס און פערפאָלגונג, איז נאָך קיינמאָהל ניט אַנערקענט געוואָרען, און דער שרייבער פון דיעזע צייל׳ען וויל זיך בענוצען מיט דער געלעגענהייט אויסצודריקען זיין דאנקבארקייט און זיין ליעבע צום אנדיינקען פון „אונזער שפּעטערגען פריינקלין“.

פאַרטאָן, דער שרייבער פון גרילי׳ס ביאגראפיע, האָט געזאגט: „דיא טהעמאַ פון גרילי׳ס אַלע רעדען איז איינע; זיא איז אימער דיזעלבע; דער צוועק פון זיין עפענטליכען לעבען איז איין און איינציג. עס איז דיא בעפרייאונג פון דער אַרבייט“, איהר בעפרייאונג פון אונוויסענהייט, פערברעכען, פערשקלאַפונג, אונזיכערהייט, אַרמוטה. דאס איז זיין אויסערוועהלטע, איינציגע טהעמאַ, צו ער רעדט פון דער פּלאַטפאָרמע אָדער ער שרייבט פאר דער טריביון“.

האָראַס גרילי איז געוועזן אַ ארבייטער־פיהרער אין דעם אמת׳ן זינן פון וואָרט. ער איז געוועזן דער ערשטער פּרעזידענט פון דער טיפּאגראַפיקאַל יוניאָן נומער 6 פון ניו־יאָרק און האָט גענומען אַ וויכטיגע שטעלונג אין יעדער פראַגע וואס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דיא אינטערעסען פון דער אַרבייטער־קלאַסע. מעהר וויא אלעס איז גרילי געוועזן ראַדיקאַל און פּראגרעסיוו, דאס הייסט רעוואָלוציאָנער, און דיא אַרבייטער־פיהרער פון אונזער צייט וואָלטען געקענט האָבען נוצען פאַר זיך און פאַר זייערע נאָכפאָלגער, ווען זיי וואָלטען שטודירט זיינע ווערקע און געטאָהן וויא ער.

דער אויפרוהר אין אייראָפּא אין 1848 האָט פערטריבען פיעלע טהעטיגע סאָציאַליסטען פון זייערע היימען; און דער אַלגעמיינער שטראָם, וועלכער האָט זיך געלאָזט צו דעם וועסטליכען טהייל פון דעם האַלב־קוגעל, האָט פערטראָגען פיעלע פון דיזע אונרוהיגע גייסטער אַהער, אויף אונזערע ברעגען. וויא זיי האָבען נאָר אַראָבגעשטעלט דיא פיס אויף דעם אַמעריקאַנער באָדען האָבען זיי שוין גלייך אָנגעפאַנגען פערזעען דעם זאַמען פון סאָציאַליזמוס און פאָרטצוזעצען דיא פּראָפּאַגאַנדא, וועלכע זיי זיינען געוועזן געצוואונגען אויפצוגעבען דאָרט, אויף יענער זייט. דיא דייטשע סאָציאַליסטען, וועלכע זיינען אריבערגעקומען אַהער, זיינען גראָדע געוועזן דיא מענער, וועלכע זיינען אַזוי

נויטיג געווען אין יענער צייט. זיי זיינען אויפגעצויגען און דיסציפלינירט געווארען אין דער „אלטער וואך“; זיי האָבען געהאָט דיא האלטונג און דעם מוטה פון אויסגעדיענטע סאלדאטען און אזא ווארט וויא „ענטמוטהיגונג“ אדער „נידערלאגע“ האָט פאר זיי גאר ניט עקזיסטירט. צווישען דיזע אגיטאטארס האָט וויליאם וועהיטלינג גענומען א גרויסען טהייל, פארבערייטענדיג דעם וועג פיר ארגאניזאציאָן און טהעטיגקייט אויף דעם פאליטישען פעלד.

פון דיזער צייט אָן איז דיא פראפאגאנדא געווארען אקטיווער און צו דערזעלבער צייט אויך קלעהרער און בעשטימטער. דיא בעוועגונג האָט זיך לאנגזאם ארויסגעוויקעלט פון דעם טומאן פון קאמוניזמוס, אין וועלכען זיא איז געווען איינגעהילט אין דיא ערשטע יאהרען. זיא האָט אָנגעפאנגען אָנצונעהמען א פארמע פון א פאליטישע ארגאניזאציאָן מיט דעם איינציגען צוועק אריינצוקריגען דיא מאכט פון דער רעגירונג אין דיא הענד, אלס מיטעל צו בעפרייען דיא ארבייטערקלאסע פון דער לאָהן־שקלאפעריי. טרייד־יוניאנס, טורנער־בונדען און געזאנגס־פעראיינען האָבען זיך ארגאניזירט אין פערלויף פון דיא גאנצע פופציגער יאהרען, אלע געהענדיג אין דערזעלבער ריכטונג; און אבוואהל ניט אלע פון זיי זיינען געווען אויסגעשפראכען, האָבען זיי אבער אין גרונד גענומען געהאט דעם זעלבען ענדציעל אין אויג. דיזע ארגאניזאציאנען זיינען געווען דיא הויפט־וואסערן פון דעם אמעריקאנער שטראם, וועלכער פליסט צו אַן אלגעמיינעם מיטעל־פונקט און קיין זאך שטעהט איהם ניט אין וועג; דער שטראם וואס דיא שטארקסטע אָבטאווען האלטען ניט אָב זיין גאנג ביז ער גיסט זיך ענדליך צונויף מיט דעם אונענדליכען אָצעאן פון אינטערנאציאנאלען סאציאליזמוס, וועלכער טראגט אין זיין ווארעמען שויס דיא בעפרייטע מענשהייט.

דער פלאץ ערלויבט ניט צו פערצייכענען אויספיהרליך אלע פערזוכע, וועלכע זיינען געמאכט געווארען, מעהר אדער וויינינגער ערפאלגרייך (אבוואהל אלעס האָט זיך געענדיגט מיט גארנישט) צו ארגאניזירען א סאציאליסטישע פארטיי און זיא צו ענטוויקלען צו נאציאָנאלע פערהעלטניסע. אין פערלויף פון דיא זעכציגער און זיבעציגער יאהרען איז דיא אגיטאציאָן פארטגעזעצט געוואָרען, לאָקאלע ארגאניזאציאנען זיינען געגרינדעט געווארען אין פערשיעדענע טהיילען פון לאנד, אָבער זיי זיינען אלע געווען פערבייגעהענד, לפי שעה; זיי האָבען אָבגעטאָהן זייערס און זיינען פערשוואונדען.

אָבער אָט איז געקומען דער אמעריקאנער ציוויל־קריעג און נאָך איהם דיא בעפרייאונג פון דער נעגער־ראסע. מיליאָנען פון „פרייע“ נעגערס האָבען אָנגעפילט דעם „ארבייטס־מארקעט“. דאס האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דער ענטוויקלונג פון דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם. עס האָט פערשאפט דיא קאנקורענץ, אראבגעשניטען דיא ווייזשעס; דער פערברויך איז געווארען קלענער און דיא מארקעטס זיינען איבערפילט געווארען מיט פראדוקציאָן. דער סוף איז געווען אז עס איז געקומען א „פאניק“, איינע פון יענע שרעקענס־צייטען, וועלכע האָבען אויך זייער גוטע זייט. דיא מאסע עפענט דאן אביסעל אויף דיא אויגען, כאפט א קוק אויף דער גליקליכער צוקונפט, און ווענדעט זיך צו דעם סאציאליסטישען אגיטאטאר, וועמען זיא האָט פריהער פערהאסט, נאָך אַן עצה וויא אזוי צו צוקומען דערצו.

אבער אין דיא ערשטע יאהרען נאָך דעם קריעג איז אָנגעגאנגען אַן אונגעהייערע קאָמערציעלע טהעטיגקייט. דיא מאָדערנע מאשינעריע האָט זיך שנעל ענטוויקעלט, און פאבריקען האָבען זיך גענומען גרינדען אויף אַן אויסלענדישען אופן. דיא „געבענשטע“ יאהרען פון „פראספעריטי“ זיינען ניט געווען צוגעפאסט פאר סאציאליסטישע פראפאגאנדא. דיא אייזענבאהנען האָבען דורכגעדרינגען אלע טהיילען פון לאנד, וועלכע זיינען בעזעצט געווארען מיט איינוואוינער. דאן זיינען געקומען דיא סימפטאָמען, דיא סימנים פון אָנהויפונג. איינינגע איבערפילטע צווייגען פון דער אינדוסטריע זיינען אביסעל צוטרייסעלט געווארען. דיא אייזענבאהן־סטרייקס האָבען אויסגעבראכען אין דיא איסט אין 1873; נאָך זיי האָבען זיך ווידערהאָלט דיא סטרייקס פון דיא מיינערס אין

אַנדערע ארבייטער, וועלכע האָבען שוין געהאַט אויסגעבראכען פאר דיא אייזענבאַהן־סטרייקס. דיא קאַפּיטאַליסטישע סיסטעמע אין אַמעריקא האָט דורכגעמאַכט איהר שטילע יוגענד און האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען אין דיא צושטענדע, מיט וועלכע אייראפּא איז שוין פערשאָלטען געווען; דיא צושטענדע, וועלכע זיינען די אונפערמיידליכע פרוכט פון דער סיסטעמע, וואו זיא הערשט נור, סיי אין אַן אייראפּעאישער מאָנאַרכיע, סיי אין אַן אַמעריקאַנישער רעפּובליק.

שפּעטער, אין 1877, האָבען זיך דיא אייזענבאַהן־סטרייקס, וועלכע האָבען דעם מאָל אויסגעבראכען מיט אַ בעזונדערען פייער און האָבען געפיהרט צו רייאַטס און צו בלוט־פערגיסונג, פערשפּרייט איבער אַ זעהר גרויסען טהייל פון לאנד. ווער ווייס וואס פאר מורא'דיגע פאלגען זיי וואלטען געהאַט, ווען דיא פאדערונגען פון דיא אויפגערעגטע אַרבייטער וואלטען ניט וויא עס איז ערפילט געווארען!

דאס איז געווען איינער פון דיא ערשטע סטרייקס, אין וועלכע איך האָב גענומען אַנטהייל; און איך געדיינק נאָך פיעלע סצענען און פּאסירונגען, וועלכע וואלטען געקענט צוזאמענשטעלען אַן אינטערעסאַנטען קאַפּיטעל פונדער אַרבייטער־געשיכטע. אין דעם סטרייק האָט זיך דאס דיא מאַכט פון דיא פעדעראל קאָורטס צום ערשטען מאָל אַרויסגעוויזען, און דיא געזעץ־מאַשין איז אוועקגעלאזט געווארען מיט פולער קראפט צו דערשטיקען דיא סטרייקט אויף דעם בעפעהל פון דיא קאָרפּאָריישיאָנס. דיא פיהרער פון סטרייק זיינען אַרעסטירט געווארען. מען האָט זיי אַריינגעווארפען אין דיא געפענגניסע, און דיא „מאָב“ האָט מען גלייך איינגעשטילט מיט דיא בלישטשענדע שפּיצען פון דיא באַיאָנעטען, מיט וועלכע דיא מיליטער האָט זיי בעגעגענט.

דער פערשטארבענער בענדזשאַמין העריסאָן, פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, האָט זיך דאן בעזאנדערס אויסגעצייכענט. ער האָט דיא קאָרפּאָריישיאָנס געדיענט אויף צווייערליי אופנים: אין דיא קאָורטס האָט ער דיא סטרייקערס אויף דער שטרייניגסטער אַרט פערפאלגט און האָט געזעהן, מען זאל זיי פערזארגען מיט געפענגניס־שטראפען, און אַחוץ דעם האָט ער ארגאניזירט אַ מחנה פון סאלדאטען, און אַליין, בכבודו ובעצמו, איז ער געגאנגען פאראויס, צו שיסען אויף דיא סטרייקער און זיי אויף אַזאַ אופן צו צווינגען זיך אונטערצוגעבען.

מען קען אַלזא זעהן, אַז אין פערלויף פון עטליכע יאהר האָבען דיא פעראייניגטע שטאַאטען איבערגענומען פון אייראפּאַ דיא גאנצע קאַפּיטאַליסטישע טאַקטיק וויא אַזוי צו בעהאַנדלען דיא עקספּלואַטירטע און אונצופריעדענע אַרבייטער. עס זיינען דארום געווען ביי דער האַנד אַלע נויטיגע פאַקטאָרען, וועלכע האָבען געהאָלפען ענטוויקלען דעם סאציאליסטישען געדאנק.

אַז מען האָט געהאַט אָט דיא דייטליכע פאקטען פאר דיא אויגען, האָט עס אויסגעקוקט אַזוי מאָדנע, וואס מענשען זאָגאר מיט ווייניג פערנונפט פלעגען בעהויפּטען, אַז דער סאציאליזמוס איז אַן אימפּארטירטע סחורה, אַז ער איז גאנץ נאַטיליך פאר אַ דעספּאטישע מאָנאַרכיע און אַז ער וועט קיינמאָל ניט קענען געדייהען אויף דעם פרייען (?) באָדען פון אַ רעפּובליק. עס איז נור נויטיג צו בעמערקען, אַז דער קאַפּיטאַליזמוס איז איין און דיא זעלבע ערשיינונג איבער דער גאַנצער וועלט; אַז גלייכע אורזאכען בריינגען אַרויס גלייכע פאלגען אויף דעם אינדוסטריעלען פעלד אַזוי וויא ערגעץ אַנדערש, און אַז דארט וואו דער קאַפּיטאַליזמוס פערפאלגט נור זיין אויסבייטונגס־אויפגאַבע — דאס וואס ער טהוט און וואס ער איז געשאַפען צו טהאָן — דארט וועט דער סאציאליזמוס, בעפרוכבארט פון עלענד און נויטה, בעוואסערט פון טרעהרען און בעלעבט פון פּראפּאגאנדא, אַרויסשפּראצען כסדר פון דער ערד. ער וועט אויפוויקלען זיין קאַמפּפס־פאהן און וועט פּראקלאמירען זיין הייליגע אויפגאבע פון בעפרייאונג. עס מאַכט ניט אויס וואו עס איז, צו אין דיא מאַרקעטס פון דיא איבערפילטע מיליאנען אין דיא מזרח־לענדער, צו אין דיא געדיכטע וועלדער פון אַזיען, אין דיא טראָפּישע געגענדען פון אַפריקא, אדער צווישען דיא ווילדע פון דיא סויטה־סי אינזלען, — וואו נאר דער קאַפּיטאַליזמוס ציהט אויף זיין שווארצע פאָהן, וואס שטעלט מיט זיך פאר רויב

און שקלאַפעריי, דאַרט וועט פּלאַטערן דיא רויטע פאַהן פון סאָציאַליזמוס, דער עמבלעם פון וועלטליכען פריעדען, פון גלייכהייט און פרייהייט; דער עמבלעם, דורך וועלכען דיא אייביגע גערעכטיגקייט פאָדערט דיא אויבער־מאַכט איבער דער ערד.

אין 1876 האָט זיך געגרינדעט דיא „ארבייטער פּארטיי“. זיא האָט אָבער ניט מאריך ימים געווען, ווייל צווישען די ראדיקאלע און קאָנסערוואטיווע עלעמענטען, וועלכע האָבען איהר אונטערשטיצט, האָט קיין שלום ניט געקענט זיין. דאס איז געווען א מערקווירדיגער יאהר פיר פּאָליטישע טהעטיגקייט אויף'ן פעלד פון רעפאָרם. דיא „גרין בעק“ פּארטיי האָט איינגעשלאָסען אין איהר פּראגראם דאס רוב פון דיא ראדיקאלע פאָדערונגען פון דער צייט, און פיעלע סאָציאליסטען האָבען עס געפונען פאר פּראקטיש, איהר צו אונטערשטיצען.

אין 1877, אין נוארק, נ. דזש., האָט זיך דיא „ארבייטער פּארטיי“ פערוואנדעלט אין דער „סאָשיאליסט לייבאר פּארטי“, אין וועלכע עס האָט געהערשט אונאיינינקייט און מחלוקות. דיא בעוועגונג איז געווען א ראדיקאלע אבער דיא עלעמענטען אין איהר זיינען געווען געגענגעזעצט און האָבען ניט געקענט שטימען. דער געמיינשאַפטליכער פּונקט, אין וועלכען אלע זיינען געווען אייניג איז געווען דער קאַמפּף געגען דעם הערשענדען רעזשים. ווייטער, אויסער דיזען פּונקט, האָט ניט געפעלט קיין טראבעל, ווייל דיא אנארכיסטען און דיא קאָמוניסטען זיינען נאָך געווען אין איין און דערזעלבער בעוועגונג צוזאמען מיט דיא סאָציאליסטען, ביז דיא שפּעטערע ענטוויקלונג האָט זיי צוטהיילט.

אויס מאנגעל אין צייט און פּלאַץ בין איך געצוואונגען אריבערצוגעהן דיא צעהן יאהר פון אינטערעסאַנטע פּראפּאגאנדא, וואס איז געמאכט געוואָרען דורך דיא אַכט־שטונדען בעוועגונג, עררייכענדיג דיא העכסטע שטופע אין 1886, ווען עס זיינען פארגעקומען דיא אונרוהען אויף'ן היימארקעט, אין שיקאגא, און א יאהר שפּעטער, ווען עס האָט שטאַטגעפונען דיא אונפערשעהמטע הינריכטונג פון דיא אנארכיסטען, דער שענדליכער פלעק אויף אונזער קאַפּיטאליסטישער ציוויליזאציאָן, וועלכער וועט פערבלייבען אויף אויביג איהר צו פערדאמען.

די מערדערישע אנגריפע אויף פריעדליכע מיטינגען און דיא ברוטאַליטעט פון דיא שיקאגער פּאָליסלייט, וועלכע זיינען געווען אָנגעהעצט פון זייערע עלצטע, דיא גיפטיגע אינסטרומענטען פון זייערע קאַפּיטאליסטישע בעלי בתים, און וועלכע פלעגען בעפאלען רוהיגע ארבייטער מיט זייערע קלאַבס, — דאָס אלעס האָט געפיהרט צו דער הריגה פון היימארקעט. דאָס איז געווען א טייפעלשע פערשווערונג אויסצולעשען דעם פייער פון פּראַפּאגאנדא, וועלכער האָט זיך פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד. און מען מוז צוגעבען, אז דעם מאָל איז עס דעם עלעמענט פון „לאָ און אָרדער“ געלונגען, אבצוארבייטען א גלאַטע שטיקעל ארבייט. אבער אזוי זיכער וויא דיא גערעכטיגקייט ווייסט צו בעלוינען פאר דיא גוטע טהאטען, אזוי וועלען דיא אונמענשליכע ציינער, וואס דיא קאַפּיטאליסטישע האַנד האָט פערזעעט אין דיא טייכען פון אונשולדיגע ארבייטער־בלוט ביי דער הריגה פון היימארקעט און אין דעם געזעצליכען (?) פינפאכען מאָרד, וואס איז געקומען נאָך איהר, נאָך זיכער ארויסצושפּראָצען פון דער ערד זיך נוקם צו זיין פאַר דיא פערברעכען פון קאַפּיטאליסטישער טיראַניי.

גראָונלענד'ס „קאָאָפּערייטיוו קאָמאָנוועלט“ איז ערשיענען, און אבוואָהל עס האָט ניט געגרייכט צו דער מאַסע איז עס דאָך געווען שטאַרק גענוג אריינצובריינגען סאָציאליסטישע געדאַנקען אין דיא מוחות פון פּאָרטגעשריטענע און פּראָגרעסיווע מענשען. ווען מען נעהמט אין אנבעטראַכט דיא שווערע, געדולדיגע ארבייט, דיא ביטערע נויטה און דיא מורא'דיגע ליידען פון דיזען סאָציאליסטישען וועג־ווייזער, דאַן קומט זיין אונצייטליכער און כמעט טראַגישער טויט עפּעס פאַר וויא א ברכה וואָס איז געקומען צו איהם פון א וועלט, פאַר וועלכער ער האָט זיך מקריב געווען איהר צו ציוויליזירען; א וועלט וואָס האָט איהם בעלוינט מיט ליידען און טויט.

אזוי וויא א מאַגנעטישער שטראָם אין א שווערער, איבערלאָדענער אַטמאָס־

פערע, אזוי האָט דיא נבואה פון עדוואַרד בעלאַמי אַ בליץ געטהאַן איבער'ן לאַנד. דיא מיליאָנען פון מענשען אין ציוויליזירטער שקלאַפעריי, מיעד און פערמאַטערט פון קאַמפף, מיט פערטריקענטע צונגען און מיט פערשמאַכטע זעעלען, האָבען זיך מחיה געווען מיט דעם באַנקעט וואָס בעלאַמי האָט זיי פאַר זייער פאַנטאַזיע געגעבען. עס האָט געהאַט דיא זעלבע זיסע, בעלעבענדע ווירקונג פון אַ קלאַהרען, קיהלען קוואַל, וועלכער שטראָמט פון אַ פעלזען און פרישט אָב דעם פערטריקענטען מדבר.

דער וואוקס פון דיא סאָשיאַליסט לייבאָר פאַרטי, דיא קעמפּפע וועלכע זיא האָט געקעמפּפט, דיא מחלוקות, וועלכע זיינען אין איהר פאָרגעקומען — דאָס אַלעס זיינען זאַכען פון טאָג.

דיא „סאָשיאַל דעמאָקראַסי“, וועלכע האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1897, איז געווען דיא לאָגישע אויסברייטונג פון דער „אַמעריקאַן רייללוויי יוניאָן“ און איז דירעקט אַרויסגעוואַקסען פון דעם גרויסען אינדוסטריעלען אויפשטאַנד, וועלכער איז בעקאַנט אַלס דער פּולמאַן סטרייק אין זומער פון יאָהר 1894.

דיא „דזשענעראַל מענעדזשערס אַסאָסיאיישיאָן“ האָט פערפאָלגט דיא אַמעריקאַן רייללוויי יוניאָן מיט אַן אונגעהייערער פיינדשאַפט. זיא איז געווען ענטשלאָסען דיא יוניאָן צו פערניכטען. דער סוף איז געווען, אַז אויף דער לעצטער קאָנווענשיאָן וואָס דיא א. ר. י. האָט יענעם יאָהר אָבגעהאַלטען האָט זיך דיזע אָרגאַניזאַציאָן, וועמען דיא אַרבייטער האָבען געליעבט, פאַר וועמען דיא קאַפּיטאַליסטען האָבען מורא געהאַט און וועמען אַלע האָבען רעספּעקטירט, אויפגעלייזט. פון איהר איז אַרויסגעקומען דיא „סאָשיאַל דעמאָקראַסי, וועלכע איז דערנאָך געוואָרען דיא „סאָציאַל דעמאָקראַטישע פאַרטיי“. שפּעטער האָט זיך דיזע פאַרטיי פעראייניגט מיט אַ פליגעל פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פאַרטיי און צוזאַמען האָבען זיי געקראָגען דעם נאָמען „דיא סאָציאַליסטישע פאַרטיי פון אַמעריקאַ“. דיזער נאָמען איז געבליבען ביז היינט, און אין דיזער פאַרטיי לעבען נאָך יעצט דיא הויפּט פּרינציפּען פון דער אַמעריקאַן רייללוויי יוניאָן, און דיזע פּרינציפּען וועלען ענדליך זיעגען.

דאָס וואָס איז דאָ געשריבען געוואָרען האָט ניט געהאַט דעם צוועק זיך אַריינצולאָזען אין פאַרטיי־איינצעלהייטען מכח קאַמפּיינס, פּלאַטפאָרמען און סטאַטיסטיקס. דער צוועק איז געווען צו זעהן וויא אַזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט דער סאָציאַליסטישער געדאַנק און דיא סאָציאַליסטישע בעוועגונג אין אַמעריקאַ.

אַז מען בעטראַכטעט דיא לאַגע היינט צו טאָג פון אירגענד וועלכען אינטעליגענטען שטאַנדפּונקט אַריינגענומען אין רעכנונג אפילו דעם קאַפּיטאַליסטישען שטאַנדפּונקט, זיינען דיא אויסזיכטען פיר דעם סאָציאַליזמוס זעהר גרויס, און דיא פערווירקליכונג איז געזיכערט. דער סאָציאַליזמוס איז דאָס ליכט וואָס שיינט אָב אויף דעם האָריזאָנט פון דעם מענשליכען שיקזאַל. און ער האָט קיין אַנדער גרענעץ ניט נאָר דיא ווענד פון דעם אוניווערזום.

וואָס דיא מחלוקות און דיא אונאייניגקייט קענען נאָך בריינגען,—דאָס ווייס איך ניט און וויל גאָר ניט וויסען. וואָס איך ווייס נאָר איז, אַז מיר האָבען דיא בעוועגונג וואָס האַלט אין איין זיעגען. טאָג פאַר טאָג, אונטערשטיצט דורך דאָס עלענד און נויטה, דורך דיא האָפנונגען און ווינשע פון דער אַרבייטער קלאַסע, ווערט איהר פעלד פון טהעטיגקייט אַלץ ברייטער און ברייטער. זיא ווערט וואָס אַ מאָל שטאַרקער און קריגט אַלץ מעהר מאָראַלע און אינטעלעקטועלע קראַפט. און ווען דיא ענדליכע שטונדע וועט שלאָגען, דאַן וועט דיא סאָציאַליסטישע בעוועגונג, דיא גרעסטע אין דער גאַנצער געשיכטע— גרויס גענוג אַריינצונעהמען אין זיך דיא גאַנצע מענשליכע ראַסע — בעקרוינען דעם קאַמפף פון דיא יאָהרהונדערטע מיט זיעג און וועט פּראָקלאַמירען פרייהייט פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

לאָמיר זיך אַלזאָ פעראייניגען צו בריינגען וואָס גיכער דעם טאָג פון בעפרייאונג, דיא צייט פון פריעדען און וואוילטאָג, פון ליכט און פריידע.

שקלאַפעריי וועט דאַן זיין ניט מעהר וויא אַ שרעקליכער אַנדיינקען — אַ שוואַרצער שאָטען אויף דער געשיכטע פון דער פערגאַנגענהייט. דיא אינדוסטריעלע תפיסה וועט ווערן דער טעמפּעל פון וויסענשאַפט. דער בעדזש פון אַרבייט וועט זיין דער צייכען פון אַדעל, און דיא ציוויליזאַציאָן וועט אַנטהאַן דיא ערד מיט אַ מאַנטעל פון הערליכקייט.

יודזשין ווי. דעבס.

# דער דערטרונקענער.

אונטען פליססט דאָס שווארצע וואססער,
אויבען היינגט אַ בריק פון אייזען,
אויף דעם בריק פלעגט זיך בעווייזען
יעדע נאַכט אַ גייסט אַ נאַססער...

---

קאַלטע טראפּענס פלעגען טריעפען
פון דיא קליידער און דעם שטוממען
פּנים, וויא ארויסגעשוואוממען
וואלט ער פון דעם שטראם דעם טיעפען...

---

פלעגט ארומגיין גאנצע שטונדען
מיט אַ האממער, זעג און פּיילען;
פלעגט באַטאַפּען אַללע זיילען,
און פלעגט ווערען שנעלל פערשוואונדען...

---

מ'זאָגט, אז ביי'ן צוזאַממענשטעללען
פון דער בריק, צוריק מיט יאָהרען —
האָט ער ס'גלייכגעוויכט פארלארען
און ארונטער אין דיא וועללען...

דענוועד. יהואש.

# די אידישע אַרבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד.



די אידישע ארבייטער בעוועגונג, וועלכע איז קוואַליטאַטיוו די שטאַרקסטע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד ביי דיזער צייט, האָט אָנגעפאַנגען וואָס מעהר ארויפציהען אויף זיך די אויפ־מערקזאַמקייט פון אַלע רעוואָלוציאָנערע גרופּען אין רוסישען רייך. די סימפּאַטיע, וועלכע אַלע רעוואָלוציאָנערע גרופּען פיה־לען צו דער אידישער ארבייטער בעווע־גונג אין רוסלאַנד, האָט זיך אַם בעסטען און אַם קלאָהרסטען אָפּגעשפּיעגעלט אין דעם יובילעאומס־פּייער פון דעם 25טען נומער „ארבייטער שטימע". די אידישע ארבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד האָט אין דיזען ווינטער געפייערט דעם יובילע־אום פון איהר צענטראַל־אָרגאַן „ארבייטער שטימע". דער 25טער נומער איז אַלס יו־בילעאום'ס נומער געקרוינט געוואָרען. אין רוסלאַנד איז נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט פּאָרגעקומען, אז א אונלעגאַלער אָר־גאַן זאָל אויסהאַלטען אזא לאַנגע צייט און זאָל ארויס 25 נומערן. די „ארביי־טער שטימע" איז דער ערשטער אָרגאַן, וועלכער, טראָץ אַלע פערפאָלגונגען פון דער רוסישער רעגירונג, האָט אויסגעהאַל־טען 25 נומערן און די אידישע ארבייטער בעוועגונג האָט מיט רעכט געפייערט דעם ארויסגאַנג פון דיזען נומער. די גאַנצע אונלעגאַלע פּרעסע האָט מיט פריידע דיע־זען פייער בעגעגענט און מיט ווארעמע ווערטער גראַטולירט. אפילו דער „פּזשעד־שוויט" דער אָרגאַן פון פּ. פּ. ס. וועלכער פערהאַלט זיך צו דער אידישער ארבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד ניט צו פריינד־ליך אָדער ריכטיגער געזאָגט, שטאַרק פיינדליך, האָט געפונען פאר נויטיג צו גראַטולירען. דאָס איז דאָס ערשטע מאָהל וויא די אידישע ארבייטער בעוועגונג וועלכע טרעט ארויס אונטער דעם נאָמען „בונד" האָט פון „פּזשעדשוויט" א פריינד־ליכעס וואָרט געהערט. יעדער איינציגער האָט געפיהלט, אז ענדליך וועלען אַלע געגנער פון דער אידישער ארבייטער בע־וועגונג פון גרויסע שונאים ווערן גרויסע מחותנים, יעדער איינציגער, וועלכער האָט נאָר צוגעזעהען, בעטראַכט דעם וואוקס פון דער אידישער ארבייטער בעוועגונג און די מאַכט, וועלכע זיא בעזיצט האָט פּאָראויסגעזאָגט אז ענדליך וועט דיעזע בעוועגונג אויך די סימפּאַטהיע פון איה־רע געגנער געווינען און די צייט איז גע־קימען. דעם אָנהויב זעהען מיר שוין, מי־קענען האָפען, אז די ענדע ד. ה. דער גאַנצער שלום וועט אויך גיך קומען.

איך זאָג אין אָנהויב פון מיין אר־טיקעל, אז די אידישע ארבייטער בע־וועגונג איז קוואַליטאַטיוו די שטאַרק־סטע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוס־לאַנד, און איך וויל דאָס בעווייזען.

אן ארבייטער בעוועגונג, וועלכע ווי־ האָבען א קיום און וויל זיין זיכער אין איהר זיעג, דאַרף האָבען דיעזע בעדינגונ־גען : א) די בעוועגונג דאַרף זיין שטרענגסט דיסציפּלינאַריש אָרגאַניזירט, ב) אין דער בעוועגונג דאַרף געהען די טהעאָריע און די פּראַקטיק האַנד אין האַנד, ג) די פיהרער פון דער בעוועגונג דאַרפען זיין אויסגעקנאָטען מיט דער מאַסע, זיי דאַרפען זיין עצם מעצמיו ובשר מבשרו, ד) דאָס פּאָליטישע און עקאָנאָ־מישע בעוואוסטזיין דאַרפען גלייכצייטיג אין דער ארבייטער מאַסע געוועקט ווע־רען און ה) יעדע ארבייטער בעוועגונג דאַרף האָבען אויסער דעם ענדציעל, וואָס זיא דאַרף ערקעמפּפען, אויך טעגליכע נהענטע ציעלען פיר וועלכע זיא דאַרף

קעמפפען און האָבען אין זינען יעדער שעה, יעדע מינוט פאר זיי ארויסצוטרעטען.

דיא אַלע בעדינגונגען וועלכע איך האָב דאָ אויסגערעכענט זיינען נויטהיג אפילו אין דיא פרייע לענדער, פיר יעדע ארבייטער בעוועגונג. אזעלכע בעדינגונגען זיינען נויטיג פאר א בעוועגונג וויא לופט פאר דיא לונגען : אז זיי זיינען אונבעדינגט נויטהיג אין אזא פינסטערע לאַנד וויא רוסלאַנד, וואו יעדער בירגער האָט אויף זיך צעהן שפּיאָנען, איז קיין רעדע נישט. אין רוסלאַנד זיינען אזעלכע בעדינגונגען דיא עלעמענטארע. דיא פראגע איז נאָר : אין וועלכע מאָס דיא בעדינגונגען זיינען אויסגעפּיללט.

אין דער אידישער ארבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד זיינען אָט דיעזע בעדינגונגען אויפ'ן העכסטען גראד אויסגעפיללט. דיא בעוועגונג איז שטרענגסט דיסציפּלינאַריש אָרגאַניזירט. דיא גאַנצע בעוועגונג טראָגט איין און דעמזעלבען חאראקטער אין גאַנץ רוסלאַנד. עס עקזיסטירט אַן אונאונטערבראָכענע פערבינדונג צווישען אַלע שטעדט וואו ארבייטער אָרגאַניזאציאָנען זיינען דאָ. יעדע ארבייטער אָרגאַניזאציאָן אין יעדע שטאָדט האָט איהר קאָמיטעט, וועלכער שטעהט אין דירעקטער פערבינדונג מיט דעם צענטראַל קאָמיטעט. קאָנספּיראציע איז ביי דעם אָרגאַניזירטען ארבייטער אזוי ענטוויקעלט, אז דער וואָס לעבט אין אַ פרייע לאַנד קען זיך עס גאָר ניט פאָרשטעלען. אַלס פאקט קען אונז דיענען, אז אונטער דיא גאַנצע צייט וויא דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד עקזיסטירט, איז פאסט קיין בעדייטענדער פּראָוואָקאטור נישט פאָרגעקומען ! דיעזער פאקט בעווייזט דייטליך וואָס פאַר א דיסציפּלין און קאָנספּיראציע אין דער אָרגאַניזאציאָן הערשט.

אַן אָרגאַניזאציאָן פון איבער 12*) טויזענד מיטגלידער אונטער אזעלכע בעדינגונגען וויא עס הערשט אין דיא דעספּאָטישע רוסלאַנד, וואו דיא שפּיאָנסטוואָ איז וויא א געדיכטער נעטץ אויסגעשפּרייט אויפ'ן גאַנצען לאַנד, וואו דיא רעגירונג זאָגט זיך פון קיין מיטעל נישט אָפּ; וועלכע עס איז נאָר א פרייערע בעוועגונג צו דערשטיקען, אין אַ לאַנד וואו אַלע געפענגנגיסען זיינען אָנגעפּיללט מיט פּאָליטישע פערברעכער, וועלכע זיינען אונטערוואָרפען יעדען ווילקיר פון יעדען קלענסטען בעאמטען, און אז עס קומט קיין פּראָוואָקאטור נישט פאָר, איז עס נאָר דיא דיסציפּלין און דיא קאָנספּיראציע פון דער אָרגאַניזאציאָן צו פערדאַנקען.

איך וויל איבערגעבען איין עפּיזאָד, וועלכער איז פאָרגעקומען מיט אַ פּאָאָר יאָהר צוריק אין ביאַליסטאָק. ביי אַן ארבייטער סעגאַל האָט דיא זשאַנדארמעריע געפונען א געשריבענע בראָשורע. סעגאַל איז געוועזען נאָך ניט פון דיא פאָרגעשריטענע ארבייטער און דאָך האָט ער, נאָך אַלע סטראַשונקעס זייטענס דער זשאַנדאַרמעריע, אז מען וועט איהם פארשיקען אויף אייביגע סיביר, ניט ארויסגעגעבען דעם שרייבער פון דער בראָשורע. מען האָט פון איהם קיין וואָרט נישט ארויסבעקומען. אפילו ווען זיין משפט איז געקומען, אז ער דאַרף געהן אויף 3 יאָהר אין אָסט סיביר. אזעלכע סעגאַלס זיינען אין דער אידישער ארבייטער אָרגאַניזאציאָן דאָ ניט ווייניג.

אין דער אידישער ארבייטער בעוועגונג געהט דיא טהעאָריע און דיא פּראַקטיק האַנד אין האַנד. אום דיעזעס צו בעווייזען מוזען מיר אביסעל נעהענטער זיך בעקענען מיט דער אָרגאַניזאציאָן.

דער יסוד פון דער אידישער ארבייטער אָרגאַניזאציאָן, וועלכע טרעט ארויס אונטער'ן נאָמען „בונד", זיינען דיא שטרייק - קאַססען. אזעלכע קאַססען האָבען געוועהנליך יענע האַנדווערקען, צו וועלכע עס געהערען ניט פיעלע ארבייטער, וויל צוליעב דיא פּאָליצייסקע בעדינגונגען, וועלכע הערשען אין רוסלאַנד, קענען געהיימע קאַססען, צו וועלכע עס געהערען פיעל ארבייטער, ניט עקזיסטירען. דיא צאָהל פון דיא שטרייק־קאַססען איז זעהר א גרויסע און אין איינִיגע שטעדט געהן אריין אין זיי טראָץ דער פּאָליציייליכען בעדינגונגען, זעהר פיעל ארבייטער. למשל: אין ביאַלאסטאָק געהן אריין אין דיא שטרייק - קאַססען 1200 ארבייטער, אין ווילנא איבער 1,600 ; אין מינסק איבער 1,000. נאָהענט פון 1,000 גאַרבער און נאָהענט פון 1,000 בערשטער געהען אריין אין דיא שטרייק - קאַססען. אין אנדערע שטעדט, וויא ווארשוי

קאָדז, וויטעבסק, האָמעל, דווינסק, קאָוונאָ געהען אריין אין דיא שטרייק - קאַססען צו עטליכע הונדערט ארבייטער. *)

דיא שטרייק־קאַססען, אויסער זייער ציעל צו פערבעססערען דיא עקאָנאָמישע לאַגע פון דיא ארבייטער, דיענען אויך צו הויבען דיא גייסטיגע לאַגע פון ארבייטער. דיא קאַססען זיינען דער מיטטעלפונקט, דאָס צענטרום, פון וואנען מען פערשפרייט דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידעען צווישען דער ארבייטער מאַסע און שפיעלען דעריבער א גרויסע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון קלאַססען און פּאָליטישען בעוואוסטזיין פון דעם ארבייטער.

צו דיא קאַססען געהערען אונלעגאַלע ביבליאָטעקען און לעזע צירקעל פאר דיא ארבייטער, וואו מען מאַכט זיי גוט בעקאַנט מיט דיא הויפּט־פּרינציפּען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

דיא קאַססען פייערען יעהרליך זייער גרינדונגס־טאָג, וואו מען האַלט פּאָליטישע רעדען און טהעאָרעטישע רעדען, וועלכע האָבען א גרויסען איינפלוס אויף דיא ארבייטער אין זייער ענטוויקלונג א. ז. וו.

וויא מיר זעהען האָבען דיא סטרייק־קאַססען א דאָפּפּעלטען ציעל 1) : זיי העלפען דעם ארבייטער אין זיין אַללטעגליכען עקאָנאָמישען קאַמפּף און פערבעססערען זיין לאַגע און 2) : בילדען זיי איהם אויס אַלס בעוואוסטער סאָציאַל דעמאָקראַט, וועלכער פערשטעהט דיא פּאָליטישע אויפגאַבען, וואָס דער פּראָלעטאַריער דאַרף אויף זיך נעהמען.

ווער עס איז גוט בעקאַנט מיט דער אידישער ארבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד קען דרייסט בעהויפּטען, אז יעדער שריט, וועלכען דער אידישער ארבייטער מאַכט אין זיין קאַמפּף, ווערט טהעאָרעטיש און פּראַקטיש פאָרהער בעטראַכט. דיא פיהרער פון דער אידישער ארבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד זיינען אויסגעקנאָטען מיט דער מאַססע און מען קען זיכער בעהויפּטען, אז דיא בעוועגונג ווערט נישט געפיהרט פון אינטעליגענטען, זאָנדערן פון ארבייטער, וועלכע שטעהען אויף א העכערע שטופע פון ענטוויקלונג. מיט איניגע מאָנאַטען צוריק האָב איך געלעזען אין „אבענד בלאַטט" עפּעס א מין בויך סברא, אז דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג ווערט נישט געפיהרט פון ארבייטער, זאָנדערן פון אינטעליגענטען. פון וואנען דער שרייבער נעהמט זיך דאָס, ווייס איך ניט. ער האָט געוויס געזעהן עפּעס א שלעכטען חלום אין אמעריקאַ, אנדערש קען ניט זיין, דען מיר ווייסען גראַדע אומגעקעהרט. דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד נעטהיגט זיך אין אינטעליגענץ. אין מעהרערע שטעדט איז אין דער בעוועגונג קיין איינציגער אינטעליגענט נישטאָ און דיא גאַנצע אָרגאַניזאַציאָן ווערט געפיהרט דורך דיא ארבייטער. אין דיא לעצטע צייט, וואו דיא רעגיערונג פערפאָלגט מיט דער גרעסטער שטרענגהייט דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג און פאר דעם קלענסטען חשד, וועלכער פאַלט אויף אן אינטעליגענט, אז ער האָט וועלכע עס איז פערבינדונגען מיט דער בעוועגונג משפּט מען מיט געפענגניס און סיביר, דאָס פון איין זייט און פון דעם אנדערן זייט דיא בעשרענקונגען, וועלכע עקזיסטירען פאר אידען אין רוסלאַנד זיך צו בילדען פיהרט דערצו, אז יעדער יונגער מענש, וועלכער זוכט בילדונג לויפט נאָך אויסלאַנד, דאָס האָט געבראַכט, אז דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג נעטהיגט זיך אין אינטעליגענץ. דער איינציגער גליק איז נאָר, וואָס דיא ביסעל אינטעליגענטען, וועלכע געפינען זיך אין דער בעוועגונג, זיינען מיט לייב און זעעלע איבערגעגעבען דער בעוועגונג און קיין קרבן איז זיי ניט צו טהייער. אָט דיא אינטעליגענטען, וועלכע געפינען זיך אין דער בעוועגונג, קען מען נישט רופען פיהרער, זיי זיינען ריכטיגער דיא טהעאָרעטיקער, וועלכע פּראַקטיזירען אין דער בעוועגונג : זיי לערנען דעם ארבייטער און לערנען אליין פון ארבייטער און זיינען מיט דיא מאַססע וויא פון איין טייג אויסגעקנאָטען.

דאָס פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בעוואוסטזיין ווערט גלייכצייטיג אין דער אידישער ארבייטער מאַסע געוועקט. אום אין דיעזען זיך צו איבערצייגען, דאַרף מען נאָר נעהמען וועלכען עס איז נומער „אר־

*) דיא צאָהלען זיינען נישט גענוי. עס זיינען דאָ פיעל מעהר ארבייטער אין דער אָרגאַניזאַציאָן און אין דיא שטרייק - קאַססען. איך האָב דאָ גענומען מינימאַל צאָהלען.

בייטער שטיממע", אָדער אַן אַנדער ערט־
ליכען אָרגאַן און לעזען. אויף יעדען שריט
און טריט בעגעגנען מיר דאָרטען, דיא
עקאָנאָמישע פראגע מיט דער פּאָליטישער
פראגע פעסט פערבונדען, אין רוסלאַנד
איז איבערהויפּט שווער אָפּצוטהיילען דיא
עקאָנאָמישע פראגע פון דער פּאָליטישע.
אין א לאַנד, וואו א סטרייק רעכענט זיך
פאַר א פּאָליטישעס פערברעכען, וואו יע־
דעס פרייעס וואָרט שמעקט מיט געפענג־
ניס אין סיביר, וואו א פערזאַמלונג פון
אַרבייטער ווערט גערעכענט כמעט א פער־
שווערונג, אין אַזאַ לאַנד איז דיא עקאָנאָ־
מישע פראגע כמעט אונמעגליך אָפּצוטהיי־
לען פון דיא פּאָליטישע. עס הייגגט נור אָפּ
אין וועלכער מאָס מען ענטוויקעלט דאָס
פּאָליטישע בעוואוסטזיין אין דער ארביי־
טער מאַססע, עס הענגט אָפּ אין וועלכער
מאָס מען פערקניפּט דיא עקאָנאָמישע
פראגע מיט דער פּאָליטישע. דיא אידישע
אַרבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד שטעהט
אין פּאָליטישען בעוואוסטזיין אָם שטאַרק־
סטען ענטוויקעלט. עס ווערט אין דער פרע־
סע קיין צופאַלל נישט דורכגעלאָזען וואו
יעדע עקאָנאָמישע ערשיינונג זאָל פון א
פּאָליטישען שטאַנדפּונקט נישט בעהאַנ־
דעלט ווערן, יעדער אידישער אָרגאַניזיר־
טער אַרבייטער איז א פאָלשטענדיגער
רעוואָלוציאָנער, ער פערשטעהט אויסגע־
צייכענט זיינע פּאָליטישע אויפגאַבען און
איז בערייט יעדען מאָמענט פאַר זיי
ארויסצוטרעטען. עדות קענען זיין דיא
אונצעהליגע אָרגאַניזירטע דעמאָנסטראַ־
ציאָנען, וועלכע אַלע האָבען געטראָגען א
פּאָליטישען כאַראַקטער און עדות זיינען
די מאַי־פייער, וועלכע ווערן אונטער דיא
גרעסטע געפאַהר געפייערט אין רוסלאַנד,
אין יעדע שטאָדט וואו א אידישע אַרביי־
טער אָרגאַניזאַציאָן איז דאָ.

דיא אידישע אַרבייטער בעוועגונג
אין רוסלאַנד האָט, אויסער דעם ענדציעל:
א סאָציאַליסטישע אָרדנונג צו ערקעמפּ־
פען, אויך אַלטעגליכע נאָהענטע ציעלען
פאַר וועלכע זיא קעמפּפט .

„אַללטעגליכע נאָהענטע ציעלען"
מיין איך ניט דעם עקאנאָמישען קאַמפּף.
עס גיעבט פיעלע האַנדווערקען אין רוס־
לאַנד אין געוויסע שטעדט, וואו דער אי־
דישער אַרבייטער האָט שוין ערקעמפּפט
א מינימאַלען אַרבייטס־טאָג און א מאַק־
סימאַלע ארבייטסלאָהן, ד. ה. ביי הייג־
טיגע פערהעלטניסע אין רוסלאַנד קען מען
מעהר דעם אַרבייטסטאָג נישט פערקלע־
נערן אַפילו ביי דעם אַללער ענערגיסטען
סטרייק און אַזוי אויך דיא ארבייטסלאָהן,
נישט פערגרעסערן, דען דער אונטערנעה־
מער קען ביי נאָך א קירצערען אַרבייטס־
טאָג און ביי נאָך העכערע ארבייטסלאָהן
נישט עקזיסטירען. אַזעלכע האַנדווערקען
זיינען אַפילו זעהר ווייניג און אויך אין
זעהר ווייניג שטעדט אָבער דאָך איז עס
דאָ. און דיא ארבייטער מוזען אויף א
קורצע צייט אויפהערען פיהרען דעם עקאָ־
נאָמישען קאַמפּף. נאָר אויסער דעם עקאָ־
נאָמישען אַללטעגליכען קאַמפּף האָט דער
אידישער ארבייטער א אַללטעגליכען פּאָ־
ליטישען קאַמפּף מיט א צוגאָב : א קאַמפּף
פיר דיא גלייכבערעכטיגונג פון אידישען
פּאָלק.

דער אַללטעגליכער קאַמפּף פאַר נאָ־
הענטע ציעלען איז פיר יעדע אַרבייטער
בעוועגונג נויטיג וויא לופט צו אָטהעמען,
אָהנע דעם קען דיא בעוועגונג קיין קיום
נישט האָבען. 1) דער אידעאַל פון סאָצי־
אַליזמוס וויא גרויס, וויא הויך ער זאָל
ניט זיין, האָט נישט בכח דיא ברייטע
מאַסע לאַנג אָנצוהאַלטען : דיא מאַסע,
דיא ברייטע מאַסע איז נישט אידעאַליס־
טיש, דיא מאַססע זוכט רעאַלישעס, זיא
וויל זעהען מיט איהרע אויגען איהר
אָפּגעטאָהנע אַרבייט, וואָס אין ווייטען
צוקונפט וועט זיין, אינטערעסירט דיא
מאַסע גאַר ניט אַזוי פיעל. 2) דער אי־
דעאַל פון סאָציאַליזמוס אַליין אָהן א
אַלטעגליכען קאַמפּף וואָלט דיא מאַססע
נישט געקענט אָנהאַלטען אויף מזה הטעם
ווייל דיא מאַססע זוכט טהעטיגקייט, זיא
וויל מיטווירקען, זיין איבעראַל א אַקטי־
וועס מיטגליעד און אָהן דעם אַללטעג־
ליכען קאַמפּף פיר דיא נאָהענטע ציעלען,
וואָלט דיא מאַססע אָהן וועלכע עס איז
טהעטיגקייט געבליעבען און וואָלט דיא
גאַנצע אינטערעסע פערלאָרען. אָט דאָס
איז טאַקע דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער
דעוויז. „דיא אַרבייטער בעפרייאונג מוז
קומען דורך דיא ארבייטער אַלליין". דער
אַרבייטער דאַרף ניט בעפרייט ווערען,
זאָנדערן זיך בעפרייען, ער אַלליין מוז
אקטיוו אַרבייטען פיר זיין בעפרייאונג.
איך האָב בעוויעזען, אז דיא אַללע

בעדרינגונגען, וועלכע אַ ארבייטער בעווע־
גונג האָט נעטהיג צו איהר עקסיסטענץ,
האָט אין זיך דיא אידעשע אַרבייטער בע־
וועגונג אין רוסלאַנד.

עס שווימט נאָר ארויף דיא פראַגע
און דיא בעוואונדערונג: וויא קומט אזאַ
יונגע בעוועגונג, וויא דיא אידישע אַר־
בייטער בעוועגונג, וועלכע עקזיסטירט
קוים 10 יאהר, צו אַזעלכע מעלות, וואס
עלטערע בעוועגונגען בעזיטצען עס ניט?
דער לעזער וועט פרעגען איז עס אַקאַרסט
נישט איבערטריעבען? שמעקט עס עפּעס
אַקאַרסט נישט מיט דעם אַלטנייען אתה
בחרתנו? ניין! געעהרטער לעזער, פיר
קיין פאַלל נישט איבערטריעבען: איך
וועל אָנגעבען דיא אורזאַכען, וועלכע
האָבען דיא אידעשע אַרבייטער בעוועגונג
אין רוסלאַנד צו אַזאַ שטופע געבראַכט.
דיא חאַראַקטעריסטיק פון דער אידעשע
אַרבייטער בעוועגונג קען מען מעהר אין
דיא אורזאַכען געפינען אַלס אין דער בע־
וועגונג אַלליין.

אום אנצוגעבען דיא אורזאַכען, וועל־
כע האָבען דיא אידעשע אַרבייטער בע־
וועגונג אַזוי שטאַרק געמאַכט, מוזען מיר
אַביסעל נעהענטער בעקאַנט ווערען מיט
דער געשיכטע פון דער בעוועגונג.

דאס אוננאַרמאַלע לעבען פון אידע־
שען פאַלק, וועלכעס ווערט פערהאַסט און
פערפאַלגט פון אַללע זייטען און אַם
שטאַרקסטענס אין רוסלאַנד, האָט זיך זעהר
שלעכט אָפּגערופען אויף די אידעשע וועלט־
געהענדע אינטעלליגענץ. אין אַלעקסאַנדער
דעם צווייטענס צייטען האָט דאס אידע־
שע פאַלק אין רוסלאַנד א מין גייסטליכע
רעוואָלוציאָן דורכגעמאַכט. דיא אידעשע
מאַססע, וועלכע איז אַ רייהע פון יאהרען
געלעגען פערשטיקט אין איהר זאַגענאַנ־
טע גהעטאָ „טשערטאַ אסעדלאַסטי" וואו
אַ ליכט שטראַהל פון בילדונג איז זעהר
זעלטען אַריינגעדרונגען, וואו דער פאַ־
נאַטיזמוס האָט זיך ענטוויקעלט ביז זייז
העכסטע שטופע, איז געוועזן מיט אַללע
כחות געגען וועלכע עס איז אַ ניט אידע־
שע בילדונג, און עס איז קיין וואונדער.
דאס אידעשע פאַלק וועלכעס איז פון הונ־
דערטע יאהרען פערפאַלגט איבער זיין רע־
ליגיאָן, האָט געפונען אין בילדונג
דעם גרעסטען שונא פון דער רע־
ליגיאָן, וועלכע איז איהם אַזוי טהייער.
דער איד האָט געזעהען וויא דיא בילדונג
גראַבט אונטער אַללעס וואס איהם איז
הייליג און טהייער און ער האָט זיך מיט
אַללע כחות געשטעלט ענטגעגען—נאַר
געגען שטראַם קען מען נישט שווימען.
דיא בילדונג האָט אָנגעפאַנגען מיט גע־
וואַלד אַריינצודרינגען אין אידעשען לאַ־
גער. דער אידעשער קאַמפּף געגען דיא
בילדונג האָט נאַר געהאָלפען אַז עס זאָל
אַרויסוואַקסען אַ אינטעלליגענץ מיט אַ
שפּעציפיש אידעשען האַראַקטער, דיא זאַ־
גענאַנטע „משכילים". דער אידישער אינ־
טעליגענט אין יענער צייט איז קיין איי־
ראָפּעאישער אינטעליגענט געווען, ער
איז אפילו נישט געוועזן עהנליך אויף אַזעל־
כען. דער אידעשער משכיל איז ראשית
כל געוועזן אַ איד, וועלכער האָט זיינע
בעסטע יאהרען פערבראַכט אויף תלמוד
און פסוקים און נאַכהער אַ משכיל געוואָ־
רען, יעדער אידעשער משכיל כמעט האָט
זיך אַלעס אויפגאַבע געשטעלט דעם אי־
דעשען פאַלק צו העלפען, איהם צו בילדען
און מאַכען מענשען גלייך. איך וועל דאַ
נישט רעדען, וויא ווייט דיא אידעשע
משכילים זיינען גערעכט געווען אין
זייערע אַנזיכטען, אַז נור בילדונג קען דעם
אידעשען פאַלק העלפען, דען ניט דאַ איז
דער אַרט. איך וויל נאַר פעסטשטעלען,
אַז טראַטץ דעם, וואס דער אַלטער אידע־
שער טיפּ משכיל ווערט פאַר אַ אוננאַרמאַ־
לען טיפּ גערעכענט, איז ער דאָך דער אַל־
לערנאַרמאַלסטער אידעשער אינטעליגענט
געווען. דאס זיינען אידעשע לאָמאָנאָ־
סאָוו'ס געוועזען, וועלכע זיינען פון דער
מאַססע אַרויסגעוואַקסען און ביז'ן טויט
דער מאַססע נאָהענט געשטאַנען און פאַר
איהר געזאָרגט.

דיזער שפּעציפישער טיפּ „אידעשער
משכיל" האָט אָבער נאַר געקענט עקזי־
סטירען זאָ לאַנג, וויא לאַנג דיא ציוויליר־
זאַציאָן האָט נאַר לאַנגזאַם מיט געוואַלד
וויא עס איז זיך אַריינגעדרונגען אין אי־
דעשען לאַגער און האָט דאַרטען אַ שטאַר־
קען ווידערשטאַנד געטראָפען. אין אַלעק־
סאַנדער דעם 2טען'ס צייטען אָבער האָט
דיא ציוויליזאַציאָן וויא אַ שטורעם אַריינ־
געבראָכען אין דער אידעשע געטהאָ, דער
ווידערשטאַנד איז געוועזן צו שוואַך געגען
דעם שטורם און אין אידעשען לאַגער איז
אויסגעוואַקסען אַ אינטעליגענץ, אַ אייראָ־
פּעאישע, ריכטיגער געזאָגט אַ רוססי־
שע אינטעליגענץ, וועלכע האָט מיט דער

מאַסע, מיט דער אידעשער ניכטס געמיינשאַפטליכעס געהאַט. דיא אינטעליגענץ אין יענער צייט האָט פערהאַסט און פעראַכטעט אַלעס וואָס אידישעס איז. דאָס אידעשע פאָלק איז געוועזן אין זייערע אויגען פער'משפט אויף אונטערגאַנג, און זיי האָבען געזוכט צו העלפען, אַז דער אונטערגאַנג זאָל וואָס גיכער קומען.

דאָס איז געוועזן אין דיא גוטע גליקליכע אַססימילאַציאָנס צייט. ווען דיא אידעשע אינטעליגענץ האָט גערעכענט, אַז אָט, אָט בעקוממען אידען אַללע רעכטען און דאָס אידעשע פאָלק ווערט מיט דעם רוססישען איינס, איין לייב און איין פלייש.

אין דיא אַכציגער יאָהרען, אַז דיא אידעשע אינטעללינענץ האָט זיך פון איהר זיסען חלום אויפגעכאַפּט, אָדער ריכטיגער דיא „פּאָגראָמען“ האָבען זיי אויפגעוועקט, האָט זיך נור ביי אַ טהייל און מיר מוזען צוגעבען, אַז ביים בעססערן טהייל פון דער אידעשער אינטעללינענץ דיא מיינונגען געביטען. נאָר איידער זיך צוריקצוקעהרען צו דער אידעשער מאַססע אויף אָרט און שטעללע, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו זינגען דאָס אַלט בעקאַנט ליעדעל „השיבנו נאַזאַד“ „אַהיים“, „אַהיים“. דער איבעריגער טהייל איז געבליעבען אינדיפירענט צום אידעשען פאָלק וויא פריהער און דיא מאַסע איז נאָך דעם אַלטען געבליעבען אָהן אינטעללינענץ. דער אינדיפערינטיזם צום אידעשען פאָלק זייטענס דער אידעשער אינטעללינענץ האָט זיך אויך נישט געביטען, ווען נאָך דעם פאַלל פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליא“ האָט אָנגעפאַנגען דער מאַרקסיזם אויפצוטויכען אין רוסלאַנד און האָט פערכאַפּט אַ גרויסען טהייל פון דער אידעשע אינטעללינענץ.

אָנפאַנגס האָבען זיך דיא אידעשע אינטילעגענטען מאַרקסיסטען גאָר לגמרי נישט אינטערעסירט מיט דער אידעשער מאַסע, דיא גאַנצע האָפפנונג זייערע האָבען זיי אַרויפגעלייגט אויף דעם רוססישען פּראָלעטאַריאַט, זייער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָבען זיי געשאָנקען דעם רוסישען אַרבייטער, וועלכער ער אַליין, נאָך זייער מיינונג, איז בכח דיא גאַנצע רעוואָלוציאָנערע אַרבייט אויסצופיהרען. נאָר וויא קומט מען צו צום רוססישען אַרבייטער? אין „טשערטאַ אַסעדלאָסטי“ איז דער רוססישער אַרבייטער נישטאָ; דאָרט בעשטעהט דאָס פּראָלעטאַריאַט פון אידען.

זייענדיג צוגעבונדען צו דער „טשערטאַ אַסעדלאָסטי“, און נישט האָבענדיג דיא מעגליכקייט אָבצוגעבען זייערע קרעפטען דער רוססישער אַרבייטער בעוועגונג האָבען די אידעשע מאַרקסיסטען, אום צו שטילען האָטש אויף אַביסעל זייער דורשט צו רעוואָלוציאָנערע אַרבייט, געמוזט ניט ווילּלענדיג אָנפאַנגען צו אַרבייטען צווישען דיא אידעשע אַרבייטער מאַססע.

אין 1887 יאָהר פאַנגען זיך אָן גרינדען אין ווילנא דיא ערסטע אידעשע אַרבייטער קרייזלעך, געוועהנליך ניט מיט דעם ציעל צו שאַפען אַ שפּעציעלע אידעשע אַרבייטער בעוועגונג חס וחלילה: מען וואָלט יענעם פאַר אַ סאָציאַל דעמאָקראַטען נישט געהאַלטען, ווען ער וואָלט אַזאַ פּלאַן פאָרגעשלאָגען. דער עיקר איז, וויא פריהער, געוועזן, דער רוסישער אַרבייטער. דער אידעשער אַרבייטער האָט נאָר געדיענט,וויא געזאָגט, דעם דאָרשט, צו רעוואָלוציאָנערע אַרבייט, צו לעשען.

דיא רעוואָלוציאָנערע טהעטיגקייט איז בעשטאַנען אין פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע האָט זיך געפיהרט אין דער רוססישער שפּראַכע, דיא וועלכע האָבען דיא רוססישע שפּראַכע ניט פערשטאַנען, האָט מען זיי ערסטענס רוססיש אויסגעלעהרנט. מען לעהרנט מיט דיא אַרבייטער נאַטור וויסענשאַפט, געאָגראַפיע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע. מען פּראָפּאַגאַנדירט דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידעען נאָר דיא פּראָפּאַגאַנדע טראָגט אַ אַבסטראַקטען האַראַקטער, נישט צוגעפּאַסט צום לעבען.

ענדע דער אַכציגער יאָהרען געפינען זיך שוין אין דיא פּראָפּאַגאַנדע צירקלען מעהר וויא 100 אַרבייטער נאָר דיא גאַנצע מאַססע איז נאָך נישט בעריהרט געוואָרען.

אַזאַ סאָרט טהעטיגקייט האָט געקענט קליינע נוטצען ברייגנען: עס האָט נאָר געשאַפען אַ אַרבייטער אינטעלליגענץ, וועלכע האָט זיך וואָס ווייטער און ווייטער זיך אַלעס מעהר אָפּגעפרעמדעט פון דער מאַססע.

נאָך לאַנגע שטרייטיגקייטען האָט מען דיא טאַקטיק געביטען: מען איז פון

פראפאגאנדע צו אַגיטאַציאָן איבערגע-
גאנגען. ניט אזוי לייכט טהוט זיך וויא עס
רעדט זיך, עס איז אפאזיציעס געוועזען,
מעהר וויא 2 יאהר האָט דער שטרייט,
צווישען פראפאגאנדע און אגיטאציע, גע-
דויערט, ענדליך האָט אָבער דיא אגיטאַ-
ציאָן דיא אויבערהאנד גענומען און עס
פאנגט זיך אָן א אידעשע ארבייטער בע-
וועגונג. שנעלל וויא א בליץ וואקסט זיך
פונאנדער די בעוועגונג, אין יעדע שטאָדט
וואקסט אויס א ארבייטער ארגאניזאַ-
ציאָן, פראפעסיאנאלע קאססעס האָבען
אָנגעפאנגען וואקסען וויא שוועמלאך נאָך
א רעגען, עפּעס א נייעס לעבען איז אריין-
געקומען אין דיא אידעשע ארבייטער מאַ-
סען און עס איז קיין וואונדער. וויא לאנג
מען האָט זיך געהאלטען אָן פראפאגאנדע,
איז דער סאציאליזם ניט געווען צוגענגליך
צו דער מאַססע, ערסטענס, ווייל ער האָט
נאר געטראגען א אבסטראקטען כאראק-
טער, נישט פערבונדען מיט דעם אלל-
טעגליכען עקאָנאָמישען קאמפף, צוויי-
טענס: האָט זיך דיא פראפאגאנדע גע-
פיהרט אויף דיא רוססישע שפראכע, וועל-
כע דיא מאַססע פערשטעהט נישט. אז מען
איז איבערגעגאנגען צו אגיטאַציאָן זיינען
דיא ביידע סבות ממילא פערשוואונדען.
1) דיא סאציאל דעמאָקראטישע אידעען
זיינען קאָנקרעט געווארען, דען מען האָט
דיא אידעע אין אלטעגליכען עקאָנאָמי-
שען קאמפף פערקערפּערט, דאס האָט
דיא מאססע מעהר פעראינטערעסירט.
2) דיא אַגיטאַציאָן האָט מען געמוזט
אָנפאנגען פיהרען אין די אידעשע שפּרא-
כע, מען האָט געמוזט בעשאפען א אידע-
שע אַגיטאַציאָנס-ליטעראטור אין דער אי-
דעשער ארבייטער, וועלכער איז געווען
אין פראפאגאנדע צייט אַן עם הארץ וואס
פערשטעהט נישט לעזען (ד. ה. רוסיש)
איז מיט אמאָהל א למדן געווארען, רעז
אידעש לעזען פערשטעהען אללע אידע-
שע ארבייטער, ביי דער אַגיטאַציאָן האָט
אויך דיא פריהעריגע פראפאגאנדע שוין
געקענט נוצען בריינגען : דיא אינטע-
ליגענטע פראפאגאנדירטע ארבייטער האָ-
בען זיך אָנגעפאנגען צוריק צומישען אין
דער מאסע און זיינען גוטע אַגיטאַטארען
געווארען.

אָט דיזע נייע טאַקטיק, אגיטאַציאָן,
האָט דיא אידעשע סאציאל-דעמאָקראטען
אין א זעהר גינסטיגע לאגע געשטעלט, זיי
האָבען זיך געפונען אין א לאגע וואס קיין
סאציאל-דעמאקראט פון אן אנדער נאַ-
ציאָן אין רוסלאנד, האָט זיך נישט געפי-
נען. 1) דער אידעשער סאציאל דעמאָ-
קראט האָט פאר זיך געפונען א מאַסע,
וועלכע קען אָהן אויסנאהמען, לעזען און
פערשטעהט כמעט אללעס וואס מען גיט
איהר צום לעזען. 2) דיא אידעשע מאססע
ווידער איז גייסטיש מעהר אויסגעביל-
דעט אלס דיא מאסען פון דיא איבעריגע
נאַציאנען אין רוסלאנד. דער אידעשער
ארבייטער, וועלכער איז ביז זיין 12טען
יאהר און אנדערע נאָך מעהר אין חדר גע-
גאנגען און נאָכדעם עטליכע יאהר גע-
הערט פון א רבי'ן אין בית-המדרש בין
מנחה למעריב חובת הלבבות און שבת
פארן דאוונען חומש מיט אלשיך, האָט
דאך מעהר פעהיגקייטען א אידעע אויפ-
צונעהמען, אלס א ארבייטער פון א אנדער
נאַציאָן, וועלכער האָט אויף זיין לעבען
א צורת אות נישט געזעהען. 3) דיא אי-
דעשע ארבייטער מאסען זיינען נישט קיין
פאבריק ארבייטער אין רוסלאנד, דער
גרעסטער טהייל ארבייט אין ווערקשטאַ-
טען און ביי רוסישע פאליציייליכע פער-
העלטניסע איז אנפאנגס לייכטער געווען
זעלכע ארבייטער צו ארגאניזירען און
איינצווארדנען שטרייק קאססעס. דאס פון
איין זייט, פון דער אנדערן זייט ווידער,
ווערט דער פאבריק ארבייטער פערהעלט-
ניסמעסיג וועניגער עקספּלאָטירט אלס
דער ווערקשטאַאט ארבייטער, ביי ווערק-
שטאַאט ארבייטער למשל, איז פארגעקו-
מען, אז דיא ארבייטער פלעגען ארבייטען
פון 17 ביז 18 שעה אין מעת לעת, אין
געלד קיין מאָהל נישט געקריעגען אין
צייט. ביי אזעלכע צושטענדע איז קיין
וואונדער נישט אז דיא אגיטאַציאָן פון די
סאציאל-דעמאקראטישע אידעען, האָבען
געפונען א גוטען באָדען אין דער אידע-
שער ארבייטער מאַססע. 4) ווען דיא גאנ-
צע מאסע פערשטעהט צו לעזען קען מען
דיא רעוואלוציאנערע אידעען דורך פּראַ-
קלאמאציאָנען, דורך פלוגבלעטער גי-
כער פערברייטען אלס דורך א מינדליכע
אגיטאַציאָן אלליין. 5) אין אידענס האר-
צען אין רוסלאנד, ליעגט איבערהויפט א
פערבארגענע שנאה פון תמיד צו דער רע-
גיערונג מיט איהרע מיטהעלפער. דער איד

וועלכער ווערט אזוי בארבאריש פערפאלגט אין רוסלאנד פון דער רעגיערונג, האט פון אללע מאהל אן געקוקט אויף דיא פיהרער וויא אויף רויבער און מערדער, עס האט נאר געפעהלט מען זאל דיא שנאה סיסטעמאטיזירען, איהר ארגאניזירען און דאס האט דיא אידעשע סאציאל־דעמאקרטיע געטאהן: זיא האט דיא שנאה פון אידען צו דער רעגיערונג אין דעם אידעשען ארבייטער סיסטעמאטיזירט און פארמולירט.

עס איז אויך קיין וואונדער נישט, וואס דיא אידעשע ארבייטער בעוועגונג צייכענט זיך אויס מיט איהר קאנספיראציע. קאנספיראציע דאס איז א שפעציפיש אידעשער האראקטער צוג, וועלכער האט זיך אויסגעארבייט ביי איהם אין פערלויף פון זיין לאנגיעהריגען ליידען. דער איד האט קיין מאהל נישט געקענט כשר לעבען, אללע מאל האט דיא פאליציי געקענט אויף איהם א פגימה געפינען, דער איד האט נישט געטאהרט און טאר היינט נישט וואס אללע מעגען. דער איד האט אפט געמוזט אום זיין עקזיסטענץ צו ערהאלטען, זיך פערנעהמען מיט אזעלכע זאכען, וועלכע זיינען פערבאטען, אט דאס האט ביי דעם אידען ענטוויקעלט א שטארקען קאנספיראציאנס געפיהל, וועלכען מיר זעהען יעצט אויך אין דער אידעשער ארבייטער בעוועגונג.

צו בעוואונדערען איז נאר דיא דיסציפלין אין דער ארגאניזאציאן. דיסציפלין ווידערשפרעכט דעם אידעשען חאראקטער. ביי קיינעם שפיעלט דיא ראלע ניט זיין אייגענער געדאנק און ווילען וויא ביי דעם אידען און דאך אזא שטרענגע דיסציפלין איז אין דער ארגאניזאציאן, אז עס איז צו בעוואונדערן.

איך האב ביז יעצט גערעכענט דיא מעלות פון דער אידעשער ארבייטער בעגונג אין רוסלאנד, זעלבסטפערשטענדליך אבער, אז מעלות אהן חסרונות איז ניטא. געוועהנליך האט דיא בעוועגונג אויך וועלכע עס איז חסרונות, וועלכע איך וויל דא בעריהרען.

איך וויל דא רעדען פון פעהלערן, וועלכע געהערען צו דער פסיכישע זייט פון דער בעוועגונג. דער אידעשער ארבייטער איז, זא צו זאגען, איינזייטיג ענטוויקעלט .אדער ריכטיגער געזאגט אונמאראל ענטוויקעלט; ניט אין פארטייאישען גייסט זאנדערן אין אלגעמיין מענשליכע אנזיכטען, וועלכע האבען קיינע דירעקטע פערבינדונג מיט דעם פארטיי גייסט, וואס דארף הערשען אין יעדער בעוועגונג. אויף דיא ענטוויקלונג פון׳ם ארבייטער האט, געוועהנליך געווירקט דיא אינטעליגענץ, וועלכע האט אנטהייל גענומען אין דער בעוועגונג. דיא אינטעליגענץ, וויא געזאגט, האבען אין זינען אפילו ניט געהאט צו שאפען א ספעציעלע אידישע ארבייטער בעוועגונג. זיי אליין האבען דעם אידען ניט געאכטעט; גאר דאס גוטס האט מען געפונען ביים רוסישען ארבייטער און אז זיי האבען אנגעפאנגען, פון נויט, צו פראפאגאנדירען דעם אידישען ארבייטער, האבען זיי איהם ניט געזוכט, אלס בעוואוסטען אידישען ארבייטער צו ענטוויקלען, זאנדערן אלס בעוואוסטען רוסישען ארבייטער. דער אינטעליגענטער אידישער ארבייטער איז ארויסגעקומען פון זייערע הענד עפעס א מין חצי חיה חצי בהמה, נישט אהין נישט אהער, נישט פיש נישט פלייש. אלעס וואס אידישעס האט ער פעראכטעט אין דאס רוסישע האט ער זיך ניט אנגעאייגנעט. דיעזע ארט ערציעהונג, וועלכע דיא בעוועגונג האט בעקומען פון איהר געבארענס־טאג אן, איז שווער צו ענדערען נאך היינט, הגם דיא אינטעליגענץ האט שוין לאנג איהרע מיינונגען געביטען וועגען אידען. דיא פרעסע פון דער בעוועגונג, קען מען אויך זאגען, אז עס איז ניט פיש ניט פלייש. דיא פרעסע טראגט ניט דעם כאראקטער פון אן ארבייטער בעוועגונג פון א בעשטימטע נאציאן. עס טראגט מעהר דעם אינטערנאציאנאלען כאראקטער, ד. ה., איהר געפינט ניט אין דער פרעסע אפגעשפיעגעלט דעם אידישען ארבייטער׳ס לעבען, זאנדערן סתם אן ארבייטער לעבען פון וועלכע נאציאן איהר ווילט אליין. דיא פרעסע קען מען אנרופען א אידישע נאר צוליעב דעם, וואס איז אויף אידיש געשריעבען, ווייטער נישט. ווארום פרובירט איהר איבערזעטצען אויף אן אנדער לשון, וועט איהר אפילו נישט פיהלען מעהר, אז עס איז פאר אידען געשריבען. דיא ליטעראטור איז דער שפיעגעל אין וועלכען עס שפיעגעלט זיך אפ דאס לעבען פון פאלק. יעדע ליטערא־

טור פון יעדע נאציאן טראגט א שפּעצי־פישען חאראקטער, דורך וועלכען מיר קע־נען אונטערשיידען איין נאַציאנאלע לי־טעראטור פון דער אנדערע. אין דער ליטע־ראטור פון דיא אידישע אַרבייטער בעווע־גונג אין רוסלאנד אבער געפינען מיר. ניט נור קיין אידעשען חאראקטער נישט, זאנדערן איבערהויפּט קיין בעשטימטען חאראקטער נישט. אז מען לייענט פיהלט מען, אז ניט אידען האָבען עס געשריעבען פאר אידען, זאנדערן סתם אַזוי געשריע־בען. איהר געפינט אין דער פּרעססע ניט, שפּעציעל אידעשע פראגען בעהאנדעלט, (געוועהנליך אויסער אידעשע גלייכבערעכ־טיגונג) פּראגען, וועלכע קומען פאר אין לעבען פון דער אידעשער מאססע אין רוס־לאנד פון וועלכע עס ווערט אַזוי פיעל גע־רעדט אין דער בורזשואזנע אידעשע פּרע־סע. איהר געפינט סתם נישט אַ ווארט וועגען דער לעגאלער אידעשער פּרעססע וויא זיא וואלט גאר ניט עקזיסטירט.

איהר געפינט נישט אין דער גאַנצער ליטעראטור פון דער אידעשער ארבייטער בעוועגונג א ווארט פון דער אידעשער געשיכטע, הגם דיא אידעשע געשיכטע איז גענוג רייך אין רעוואלוציאנערע מאָ־מענטען, וועלכע קענען זעהר גוט נוטצען צו אגיטאציאנס צוועקען. מיר ווייסען אַפּילו דיא אורזאכען ווארום דאס איז אַזוי: דיא פארשטעהער פון דער פּרע־סע זיינען, וויא מען זאגט און וויא מען זעהט, א רעכט ביסעל המכה בעברתו׳דיג, שטומפּפיג אויף דיא עברי. זיי ווייסען נעבעך נישט דיא אידעשע געשיכטע און דיא אידעשע ליטעראטור, אָבער דער פאקט בלייבט א פאקט. דיא פּרעססע פון דער בעוועגונג קען מען איבערהויפּט נישט בעהאַנדלען פון אַ שטרענג ליטעראַרישען שטאנדפּונקט: פּשוט, ווייל זיא האָט א קליינעם ליטעראַרישען ווערט. דיא לעצ־טע צייט האָט זיך זאגאר אַ ענדערונג גע־וויזען: די פּרעסע נעהמט אָן אַ מעהר לי־טעראַרישען פּנים, עס האָבען אָנגעפאנגען זיך צו ווייזען אויפען סצענע מעהר אדער ווייניגער ליטעראַרישע קרעפטע, וועלכע קענען אידעש און האָבען אַנשפּריכע אויף טאלאנט, נאר עס איז נאָך צו פריה צו רעדען וועגען דעם. דיא אידעשע אַרביי־טער בעוועגונג שטעהט אין זעהר פריינד־ליכע פערהעלטניסע מיט דיא איבריגע אַר־בייטער בעוועגונגען אין רוסלאַנד און געהט האנד אין האנד מיט זיי אין קאמפף, אָפּגעזעהן דערפון וואָס עקזיסטירען צווי־שען זיי טאקטישע און אויך פּרינציפּיע־לע דיפערענצען. ווען מען זעהט זיך צו דיא פּאָלעמיקע, וועלכע פיהרט זיך צווי־שען „אידישען ארבייטער“ און דעם „פּזשעדשוויט“ קען מען מיינען, אז דיא אידישע אַרבייטער בעוועגונג געהט מיט פּ. פּ. ס. אויף מעסערס, דאָס איז נאָר אין אויסלאַנד, אין רוסלאַנד אָבער פער־געסט מען זיך זעהר אָפט אָן אַללע שטריי־טיגקייטען און מען אַרבייט אָפט צוזאמען, דען אין רוסלאַנד אויף׳ן קאמפף־פּלאַטץ אַליין, האָט מען אָפּט קיין צייט נישט זיך אָפּצוגעבען מיט שטרענג טהעאָרעטי־שע פראגען און דער שותפות׳ער קאמפף פיהרט אָפט צוזאמען דיא שטרייטיגע פּאַרטייען, אַז זיי זאָלען קעמפּפען געגען זייער אַלגעמיינעם שונא. דיא זעלביגע ערשיינונג זעהען מיר צווישען „איסקראַ“ און „סאָיוז“ אין אויסלאַנד געהט מען פּשוט אויף מעסערס, מען זידעלט זיך פּשוט וויא דיא מאַרק־אידענעס. און אין רוסלאַנד אַרבייט „איסקרא“ מיט „סאָיוז“ אין פּעטערבורג אין איין קאָמיטעט.

די אידישע ארבייטער־בעוועגונג זוכט מיט אַלע מעגליכקייט זעלבסטשטענדיג זיך צו שטעלען. פאקטיש איז זיא תמיד טאקע זעלבסטשטענדיג געוועזען, נאָר אויף׳ן פּאַפּיער איז זיא ניט אין גאַנצען זעלבסטשטענדיג. אויף׳ן פּאַפּיער געהט אריין דיא אידישע אַרבייטער בעוועגונג אַלס אַ אַויטאָנאָמער טהייל אין דיא רוסי־שע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וועלכע טרעט ארויס אונטערן נאָמען „סאָ־יוז“, נאָר אַזוי וויא דער „סאָיוז“ איז פיעל שוואכער אלס דיא אידישע אַרבייטער פּאַרטיי, האָט ער קיין איינפלוס אויף דער בעוועגונג נישט געקענט האָבען, פער־קעהרט, דער אידישער ארבייטער בונד, האָט איינפלוס געהאַט אויף׳ן רוסישען „סאָיוז“. דאָס איז דיא אידישע אַרבייטער בעוועגונג אין איהרע בעצידרונגען צו אַנדע־רע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, פיעל אָדער ווענינער אַבהענגיג פון „סאָיוז“ למשל, אין דיא שטרייטיגקייטען צווישען „סאָיוז“ און „איסקרא“ האָט זיך, נאָך דין נאָך דיא אידישע אַרבייטער בעוועגונג ד. ה.

דער „בונד“ געדארפט שטעלען אויף דיא
זייט פון „סאָיוז“ אין גרונד אָבער איז דער
„בונד“ אין טאַקטיק מעהר איינפערשטאַנ־
דען מיט „איסקרא“ וויא מיט דעם „סאָ־
יוז“, אום פון דיעזע אוננאָרמאַלע לאַגע
אַרויסצוגעהן, זוכט דיא אידישע אַרביי־
טער בעוועגונג פאַלשטענדיגע אונאַבהענ־
גיגקייט פאַר זיך און וויל שטעהן מיט דיא
איבריגע רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען אין
פעדעראַטיוונע בעציהונגען.

דער שווערפונקט פון דיא אידישע
אַרבייטער בעוועגונג איז אין ליטא. אין
פוילען, איז דיא אידישע בעוועגונג פער־
העלטניסמעסיג ניט שטאַרק, א אינטענ־
סיווערע אידישע אַרבייטער בעוועגונג
איז נאָר אין דיא צוויי פוילישע שטעדט
ווארשאו און לאָדז. אין דיזע צוויי שטעדט
האָט אויך א שטאַרקערע בעוועגונג גע־
דארפט זיין: אין ווארשאו אַליין זיינען
דאָ מעהר אַלס 40 טויזענד אידישע אַר־
בייטער. אורזאַכען זיינען דאָ פיעל, נאָר
דיא הויפט אורזאַכען זיינען צוויי. ער־
שטענס: שטעהען דיא אידישע אַרביי־
טער אין פוילען אויף א נידעריגע שטופע
פון ענטוויקלונג אַזוי וויא דיא אידען אין
פוילען שטעהען איבערהויפט אין ענטוויק־
לונג נידריגער אַלס דיא אידען אין ליטא,
צווייטענס: איז אין פוילען קיין א י ד י־
ש ע אינטעליגענטען נישטאָ. עס זיינען
דאָ אינטעליגענטען אידען אָבער א י ד י־
ש ע אינטעליגענטען זיינען אייסערסט
וועניג דאָ. א אינטעליגענט פון אידען אין
פוילען, איז אָדער גאָר א גאָרנישט, אָדער
ער איז א אסימיליאַטאָר און האַלט א אי־
דישע שפּעציעלע אַרבייטער בעוועגונג
פאַר איבריג, ווייל נאָך זיין מיינונג נאָך
קומט אויס, אז אידען דארפען זיך אַסימי־
לירען מיט דיא פאָליאַקעס און בילדען א
פוילישע אַרבייטער בעוועגונג. נאָר אַזוי
וויא דיא אידען אין פוילען זיינען פאַרלוי־
פיג זעהר ווייט פון אַסימילאַציאָן, און
אַזוי וויא דאָס פּראָגראַם פון דיא פוילי־
שע סאָציאַליסטען קען דעם אידישען אַר־
בייטער נישט צו ציהען, ווייל איהם געהט
נישט אָן דיא פראַגע פון אונאַבהענגיגקייט
פון פוילען, איז דער אידעשער אַרבייטער
אין פוילען פאַרלויפיג נאָך וועניג בעריהרט
און פון א אידישע אַרבייטער בעוועגונג אין
פוילען אין פאַללען זיינגען דעס ווארטעס
קען קיין רעדע ניט זיין. אויף א אידעשע
אַרבייטער בעוועגונג אין פוילען איז צו
האָפען ווען דיא אינטעלליגענטען אידען
וועלען ווערען אידעשע אינטעלליגענטען
ווען זיי וועלען זיך אָנפאַנגען מעהר אינ־
טערעסירען מיט דעם אידישען לעבען; מיט
דער אידעשער מאַססע, און איבערהויפט
מיט דעם אידעשען אַרבייטער. דאן וועט
אין פוילען אויסוואַקסען נאָך א שטאַר־
קערע בעוועגונג וויא אין ליטא, ווייל אין
פוילען זיינען מעהר אידישע אַרבייטער
דא וויא אין ליטא. אין רוסלאַנד שטעהט
דיא אידעשע אַרבייטער בעוועגונג נאָך
שוואכער וויא אין פוילען. אין זיד רוס־
לאַנד וואו דיא אידעשע מאַססע פּראָלע־
טאַריזירט זיך אויפן שרעקליכסטען אויפן,
אין אדעססא, וואו עס איז דא א בעפעלקע־
רונג פון איבער 160 טויזענד אידען, פון
וועלכע 75 פּראָצענט איז פאַלשטענדיג
פּראָלעטאַריזירט, איז, צו זאגען, קיין אי־
דעשע אַרבייטער בעוועגונג נישטאָ. אין
זיד־רוסלאַנד איז אויך כמעט דיא זעלבע
אורזאכע וואס אין פוילען. דער חלוק איז
נאָר וואס אין פוילען האָט מען שוין פּראָ־
בירט צו שאַפען א אידעשע אַרבייטער
בעוועגונג און אין זיד־רוסלאַנד האָט מען
נאָך ביז יעצט גאָר ניט פּראָבירט. אין דיא
לעצטע צייט נאָר האָט מען בעשלאָסען אָנ־
פאַנגען דארט אַרבייטען, אויף גוטע רע־
זולטאַטען דארפען מיר ווארטען און האָ־
פען.

ווען מיר ריידען פון א שטאַרקע אי־
דעשע אַרבייטער בעוועגונג אין רוסלאַנד,
איז עס נאָר גערעדט פון ליטא און פון
דיעזע בעוועגונג קענען מיר העכסט צו־
פריעדען זיין, אַז עס וואָלט געהערשט
אַזא שטאַרקע בעוועגונג אונטער דעם רו־
סישען אַרבייטער וואָלט מען פון רוסלאַנד
א סך נייעס געהערט. לאָמיר האָפען אַז
מען וועט הערען.

ב. האָפפמאַן.

# האַלבע נאַכט אויף אַ פאַרם.

1.

דיא לבנה, זיא שפּיעלט זיך,
און באָדט זיך און שיפּט זיך
אין גרויסען, אין בלויען,
אין לופטיגען ים.
זיא שיפּט זיך דיא געטין,
און וואַרפט פון זיך שטראַהלען,
און גיסט מיט חלומות
גן־עדן'שען טעם.

דיא שטראַהלען, זיי פאַלען
אויף בערגלאַך און טהאַלען,
אויף פעלדער און וועלדער
און הילען זיי איין

אין צערטליכען טראַכטען,
אין זאַנפטיגען טרויער,
אין ווייכען, אין בלייכען,
אין בלאָהליכען שיין.

דער חלום, ער גיסט זיך,
אַ היילונג דיא זעלען,
וואָס זיינען פערוואָגעלט
און עלענד און מיעד;
ער גיסט אין זיי זיסקייט
פון זעלטענע וועלטען,
פון פרייהייט און גלייכהייט,
פון רוהע און פריעד.

2.

שטיל איז אַרום דיא נאַטור און זיא דרעמעלט
צערטליך אין שוים פון דער נאַכט;
טיעף האָט דער לעבען פערשטומט און דיא הימלען
ליגען, אַזוי וויא פערטראַכט.

זיידענע, בלאָהע, דיא הימלען, זיי שיינען
איידעל און דין, וויא געוועבט.
מערקווירדיג, פראַכטפאַלל אין זיי דיא לבנה
האפּערדיג, קייזערליך שוועבט.

טויזענדער שטערען ערהאבען און הערליך
גייען מיט גרויסע רעספּעקט,
לאַנגזאם אַרום ביי דיא זייטען און האָבען
זעלטענע ליעדער ערוועקט.

טויזענדער בלאַהליכע, בלישצענדע שטערען
שטעלען מעלאָדיש זיך פּאָר;
שלאַנק און האַרמאָניש אויף טויזענדער שטראַהלען
טראַגט זיך דער הימעלשער כאָר.

עפּעס אַ זיס־מרה־שחורה'דיג־זינגען
גיסט זיך פאַנאַדער אין לופט;
עפּעס פון אַנדערע וועלטען אַ שטימע
ציהט פאַר'ן האַרצען און רופט.

עפּעס־וואָס מעכטיגעס, אייביגעס רופט אונז
ריהרענד אין הימעל־געצעלט, —
אונז, דיא פערנאַרישטע מענשען פון אונזער
זעמדיגער, שטערבליכער וועלט...

שטיל איז אַרום דיא נאַטור און זיא דרעמעלט
צערטליך אין שויס פון דער נאַכט.
דאך וויא זיא האָט נאר דעם זינגען ערגריפען, —
אויגענבליק ווערט זיא ערוואכט.

צווישען דיא בוימער ערוואכט זיך דער ווינטעל
ליעבליך, פערחלום'ט און ווייך;
איבער דיא צווייגען גייט רוישענד אַ תפילה
ציט'ריג ארויף אין דער הויך.

צווישען דער תפילה ערוואכט זיך דיא פייגעל,
טרייסעלט איהר קליינינקען גוף,
וואונדערבאַר שיקט זיא דורך טרעלען אַ אבקלאַנג
פריי צו דיא הימלען אַרויף.

צווישען דיא טרעלען ערוואכט זיך דאס גרעזעל
מילד אין דיא אַרמען פון שטראַהל;
בשמים און ריחות אַ גאַנצער גן־עדן
שפּאַרט זיך און שלאַגט, וויא אַ קוואַל.

בשמים, און ריחות, און טרעלען, און תפלות
טייכענווייז שטראָמען אין לופט,
שטראָמען און שפּאַרען צום דיכטער אין פענסטער —
ס'ציהט איהם, און וועקט איהם און רופט.

צווישען דיא מענשען ערוואכט זיך דער דיכטער,
וואַנדעלט אין מיטען דער נאַכט,
וואַנדעלט און שווימט אין דיא ריחות און טרעללען
טיעף אין חלומות פערטראַכט.

זילבערנע שטראַהלען בעפאַלען דיא שאָטענס,
ציהען זיי איבער מיט שיין:
זילבערנע רוימען בעפאַלען דעם דיכטער,
קלינגען און שלינגען איהם איין.

רוימען, און ריחות, און שטראַהלען, און טרעלען
אונטער בעגייסטערטען בליק
גיסען זיך אַלע פאַנטאַסטיש צוזאַמען,
בלאָהליך, אין הימעל - מוזיק.

גרויס אונגעהייער דיא ערד און דיא הימלען,
דורך, ביז דעם מינדעסטען שטויב —
גיסט זיך צוזאַמען אין האַרצען ביים דיכטער,
זעלטען אין זינגען און לויב.

דענסטמאָל ענטציקענד ערהויבט זיך זיין זעעלע
פריי פון דעם ערדישען שטאָף,
הייס ווערט צוגאַנגען דיא האַרץ דורך אין טרעהרען,
טרעהרען פון ליעבע אָהן סוף.

ליעבע צו אַלץ, וואָס אויף דרערד און אין הימעל,
אין דער נאַטור איז צושפּרייט;
ליעבע צו אַלץ, וואָס עס לעבט און בעוועגט זיך,
ליעבע צו אַלץ, וואָס איז טויט...

סעפּט. 18, 1898.

א. ליעסין.

# די פּאָליטישע לאַגע אין רוסלאַנד.

רוסלאַנד געהט פאָרווערטס ! אום צו פאַרשטיין וואָס עס טהוט זיך דאָרטען, דאַרף מען נור א קוק טאָהן, וויא עס וואקסען אין רוסלאַנד די פאַבריקעס און האַנדעל. פאַר א יאָהר צוואַנציג צוריק איז ביי די רוסישע סאָציאַליסטען געווען אן אָבגעמאַכטע זאַך, אז אין רוסלאַנד האָט דער קאַפּיטאַל קיין צוקונפט ניט : רוסלאַנד איז א לאַנד פון מוזשיקעס; דער רוסישער קאַפּיטאַליסט איז געקומען צו שפּעט, ער האָט זיך שוין ניט וואוהין א קעהר צו טאָהן, אַלץ האָבען שוין פריהער פאַר איהם פאַרכאַפּט די אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטען. קאַפּיטאַל קען ניט אויסקומען אָהן אויסלענדישע מאַרקעטס, נו וויא קומט זיך פּאָניע גלייכען מיט אן ענגלישען קאַפּיטאַליסט ? דער רוסישער קאַפּיטאַליסט שלעפּט זיך נור דורך דעם וואָס די רעגירונג שטופּט איהם אונטער, אָבער וויא לאַנג קען דאָס ציהען ? סוף כל סוף וועט מען מוזען אָנקומען צום מוזשיק על כן מוז אין רוסלאַנד דער סאָציאַליזמוס אויך זיין א פּויערשער, מחמת וויפיעל איז סך הכל פאַראַן פאַבריק־ארבייטער אין רוסלאַנד ? עטליכע הונדערט טויזענד ?

אָט אַזוי פלעגט מען שרייבען אין רוסישע זשורנאַלען און פאַרבאָטענע צייטונגען, און אזוי האָט מען געקלעהרט צווישען סאָציאַליסטען ביז א יאָהר צעהן צוריק. די צייטען האָבען זיך געביטען : היינט הערט מען רק פון ארבייטער אונרוהען און סטרייקס אין אלע גרויסע שטעדט אין רוסלאַנד. פון וואנען נעהמען זיך די ארבייטער ?

די מעשה איי, אז אפילו שוין אַ יאָהר צוואַנציג צוריק, צו יענע צייטען ווען מען האָט צוערשט אויסגעשפּראָכען די אנזיכט איבער די „אונמעגליכקייט“ פון קאַפּיטאַליזמוס אין רוסלאַנד, זיינען שוין געווען פיעל, פיעל מעהר פאַבריקעס און ארבייטער אין רוסלאַנד, וויא עס האָט זיך אויסגעוויזען די דעמאָלטיגע סאָציאַליסטען. זינט יענער צייט אָבער האָט די רוסישע אינדוסטריע געמאַכט אונגעהייערע פאָרטשריטע : אין פיעלע

ליינס האָט זיך די פּראָדוקציאָן פאַרדאָפּפּעלט און פאַרדרייפאַכט וועהרענד די לעצטע 10 יאָהר. דער חשבון איז שוואַרץ אויף ווייס. פאַר צעהן — פינפצעהן יאָהר צוריק האָט מען פיעלע סחורות איינגעפיהרט פון אויסלאַנד, וואָס ווערן היינט אין גאַנצען געמאַכט אין רוסלאַנד. ווען מען בעטראַכט אז עס זיינען פאַראַן אין רוסלאַנד איבער 130 מיליאָן מענשען, איז דאָס קיין קלייניגקייט ניט. דאָס אַליין איז אַזאַ מאַרקעט וואָס דייטשע, ענגלישע און אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטען וואָלטען זעהר גערן שיקען אהין זייערע וואארען. מען האָט רק גע'טענה'ט, אַז דער רוסישער קאַפּיטאַליסט וועט ניט קענען אויסשטיין געגען דעם אויסלענדישען ; עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזען אז דער אויסלענדישער קאַפּיטאַליסט איז געקומען קיין רוסלאַנד. א גרויסער טהייל פון די רוסישע פאַבריקען און געשעפטען זיינען אין די הענד פון אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטען אָדער אויסלענדישע קאָמפּאַניעס. קעראָסין, אייזען, קוילען אין זיד רוסלאַנד און אויף קאַווקאַז זיינען כמעט אויסשליסליך אין אויסלענדישע הענד. אמעריקאַנער און דייטשע עלעקטרישע קאָמפּאַניעס האָבען פאַבריקעס אין רוסלאַנד א. ז. וו. וויא אזוי איז דאָס געקומען ?

די רעגירונג אונטער אלעקסאַנדער דעם דריטען האָט פאָרגענומען צו „באַפרייען רוסלאַנד פון דעם אויסלענדישען יאָך“. מיט דעם צוועק האָט מען ארויפגעלייגט הויכע טאַקסעס אויף אויסלענדישע סחורה ; דאַדורך זיינען אימפּאָרטירטע וואארען געוואָרען טהייער און די רוסישע פאבריקאַנטען האָבען געמאַכט בריליאַנטענע געשעפטען. פינפציג פּראָצענט פּראָפיט א יאָהר אויפ'ן קאַפּיטאַל איז אין רוסלאַנד געוואָרען א געוויינליכע זאַך ; דאָס, מוזט איהר וויסען, איז ניט גלאַט גערעדט אין דער וועלט אריין : רוסישע קאָמפּאַניעס מוזען פאַרעפּענטליכען זייערע באַלאַנסען. האָבען זיך די אויסלענדישע פאַבריקאַנטען באַקלעהרט: איצטער פיהרען מיר קיין רוסלאַנד סחורה,

וואָס מיר צאָהלען הויכע ווייזשעס זיא צו מאַכען, און אָט נאַ דיר, דאַרפען מיר נאָך צאָהלען הויכע פּאָדאַטקעס אויפ'ן גרענעץ. — הלמאַי זאָלען מיר טאַקי ניט איבערמופען מיט אונזערע פעקטאָריעס קיין רוסלאַנד, וואו דער ארבייטער האָרעוועט וויא א פערד און בעקומט באַצאָהלט קדחת, און ביי דערביי וועלען מיר נאָך אריינלייגען אין פּאַקעט דיא טאַקסעס וויא עכטע רוסישע פּאַטריאָטען?

עס האָט זיך אַלזאָ אויסגעלאָזען אז דער אויסלענדישער קאַפּיטאַל איז גאָר ניט געפעהרליך פאַר דיא ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזמוס אין רוסלאַנד, פונקט פאַרקעהרט.

נו אז עס פאַרדאָפּפּעלט זיך דיא צאָהל פון פאַבריקען, אז מען ארבייט אויס דריי מאָהל אזוי פיעל וויא פאַר צעהן יאָהר, טו ווער־זשע טהוט דאָס אַלץ אויף? מען מוז דאָך האָבען הענד אויף דערויף; נאַטירליך האָט געמוזט אויסוואַקסען דיא צאָהל פון פאַבריק אַרבייטער.

דיא רוסישע שטעדט וואַקסען וויא אויף הייוועז. נעהמט א לאָדז, עס איז דאָרטען פאַראַן היינט מעהר וויא 300,000 איינוואָהנער, — וויא לאַנג צוריק איז דאָס נאָך געווען א קליינע שטאָדט? און אזוי גייט דאָס אומעטום. אז דיא מוזשיקעס לויפען פאַר נויט פון דיא דערפער אין דיא שטעדט, האָט מען שוין לאַנג געוואוסט; עס איז דאַכט זיך גרינג געווען צו פאַרשטיין, אז ווען זיי קומען אין שטאָדט, קלויבט זיך אָן אן ארבייטער בעפעלקערונג; מען האָט דאָס אָבער דערזעהען נור דאַמאָלס, אז דיא ארבייטער האָבען זיך גענומען סטרייקען פאַר מענשליכע בעהאַנדלונג. אין פאַרלויף פון פינף יאָהר, פון 1895 ביז 1900, זיינען אין רוסלאַנד פאָרגעקומען אַ פּאָאָר הונדערט סטרייקס, אין וועלכע עס האָבען אַנטהייל גענומען מעהר וויא 200,000 ארבייטער.

דאָס האָט געמאַכט א סוף פון דעם אַלטען „פּויערשען“ סאָציאַליזמוס, וואָס האָט אַמאָל געהאָפּט אויף אַ פּויערשע רעוואָלוציאָן, האָט אָבער שוין לאַנג פאַרלוירען דעם גלויבען אין דעם מוזשיק אלס בעפרייער פון רוסלאַנד און האָט זיך קיין עצה ניט געקענט געבען.

עס האָט זיך אָנגעהויבען א סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבייטער־בעוועגונג, וועלכע ווערט יעדען טאָג רק שטאַרקער און סמיעלער און שרעקט זיך ניט אויפצונעהמען א קאַמפף מיט דער רעגירונג.

א קליינע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציאָן איז באַשטאַנען אין אויסלאַנד זינט 1883, אָבער אין 1891 איז איהר איינפלוס אין רוסלאַנד נאָך געווען אזוי שוואַך, אז זיא האָט זיך ענטהאַלטען פון שיקען אַ דעלעגאַט צום בריססעלער אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס, מיט דער ערקלעהרונג אז זיא וועט נאָר דאַמאָלס שיקען דעלעגאַטען, ווען עס וועט עקזיסטירען אין רוסלאַנד אן אַרבייטער־בעוועגונג.

דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטישע בעוועגונג האָט זיך צוערשט אָנגעהויבען צווישען דיא סטודענטען ארום דער צייט פון דעם הונגער פון 1892 און זיא האָט זיך געפיהרט מייסטענס אונטער דיא געבילדעטע קלאַסען אן ערך פון 4 — 5 יאָהר. דאָס איז געווען דיא צייט פון העפטיגע אָפּאָזיציאָן פון דיא יונגע מאַרקסיסטען געגען דיא אַלטע, איינגעוואָרצעלטע אידעען פון דעם „פּויערשען“ סאָציאַליזמוס. עס איז געווען א מערקווירדיגער קאַמפף. אויף איין זייט זיינען געשטאַנען אַללע איינפלוסרייכע רוסישע שרייבער, פיעלע פון וועלכע האָבען צוגעבראַכט יאָהרען אין אָסטראָגען און אין סיביר; אין זייערע הענד זיינען געווען דיא פּאָפּולערסטע זשורנאַלען און כמעט אַלע פּראָווינציאַל־צייטונגען; (עס ווייזט זיך אויס זעהר מאָדנע, אָבער עס איז אַ פאַקט, אז אין אַלע רוסישע פּראָווינציאַל־צייטונגען זיינען כמעט דיא איינציגע שרייבער אַלערליי פּאָדנאַדזאָרנע, געוועזענע פאַרשיקטע, געוועזענע סטודענטען א. ז. וו.) אויף דעם אַנדערן זייט זיינען געווען אינגלאַך, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין צוטריט צו דער פּרעססע. אָבער אין רוסלאַנד קומען דיא אינגלאַך אימערצו ארויס „אָן טאַפּ“. אם ענדע 1896 האָבען זיי געמאַכט אן אונערהערטען שריט: זיי האָבען זיך גענומען ארויסצוגעבען א טעגליכע מאַרקסיסטישע צייטונג, ניט אין א קעהלער, אָבער ביי העלען טאָג טאַקי אונטער דער צענזור. דיא צייטונג איז ארויסגעקומען אין סאַמאַרע און האָט געהייסען „סאַמאַרסקי וויעסטניק“. זיא איז ערשיענען אן ערך פון פינף חדשים, ענדליך האָט מען זיא

צוגעדעקט. אָבער דאָס האָט צוגעגעבען קוראַזש די מאַרקסיסטען און מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָבען זיי איבערגענומען אַ מאָנאַטליכען זשורנאַל אין פּעטערבורג, „נאָוואָיע סלאָוואָ“. צום ערשטען מאָהל האָבען די מאַרקסיסטען באַקומען די מעגליכקייט אויספיהרליך צו קריטיקירען די אַלטע אנשויאונגען פון דעם פויערשען סאָציאַליזמוס. דער זשורנאַל האָט עקזיסטירט נור ניין מאָנאַט, אָבער אין דער קורצער צייט האָט ער זעהר פיעל געטאָהן פאַר די פאַרברייטונג פון מאַרקסיסטישע אידעען איבער די ענטוויקלונג פון רוסלאַנד. די רעגירונג האָט געסטאַפּט דעם זשורנאַל — אָבער עס איז אוועק אַ יאָהר און עס זיינען ערשיענען אויף זיין שטעל צוויי מאַרקסיסטישע זשורנאַלען און איין טעגליכע צייטונג אין פּעטערבורג. זיי האָבען אויך געלעבט נור אַ קורצע צייט ביז וואַנען די רעגירונג האָט זיי פאַרבאָטען, אָבער זייער ערפאָלג איז געווען אונגעהייער גרויס: דער מאַרקסיזמוס איז געוואָרען אַן אנערקענטע ריכטונג.

די רעגירונג האָט זיך ענדליך איבערציינגט אַז זיא קען ניט אויסראָטען דעם סאָציאַליזמוס אונטער די געבילדעטע קלאַסען; איצטער האָט זיא גענומען ראַטעווען כאָטש די ארבייטער - קלאַסע פון סאָציאַליזמוס. אַן ערך אַרום דער צייט ווען עס האָט זיך געגרינדעט די ערשטע לעגאַלע מאַרקסיסטישע צייטונג, הויבט זיך אָן אַ שטאַרקע סאָציאַליסטישע אגיטאַציאָן צווישען די אַרבייטער. אין 1898 האָט זיך אָרגאַניזירט די רוסישע סאָציאַל - דעמאָקראַטישע אַרבייטער פאַרטיי אין רוסלאַנד גופא. קאָמיטעטען ווערען געגרינדעט איבעראַל; אין יעדער גרויסער שטאָדט ווערען געדרוקט געהיימע סאָציאַליסטישע צייטונגען פאַר אַרבייטער; די פאַבריקען ווערען פאַרשאָטען מיט סאָציאַליסטישע סירקולאַרס. די פּאָליציע אַרעסטירט סאָציאַליסטען רעכטס און לינקס, אָבער עס העלפט נישט, נאַטירליך. עס איז שוין געקומען דערצו, אַז אַ טאַינע טיפּאָגראַפיע איז שוין היינט אויס — יחוס. אין אַמאָליגע צייטען, פאַר אַ יאָהר 20 — 25 צוריק, האָט פאַר אַ טיפּאָגראַפיע זיכער געקומט קאַטאָרזשנע ראַבאָטע; היינט איז דאָס געוואָרען אַזאַ וואָכעדיגע זאַך אַז מען שיקט אַרויס סך הכל אויף עטליכע יאָהר קיין סיביר, — וואָס מיינט איהר, פאַר רוסלאַנד איז דאָס אויך אַ שטיקעל פּרעסס - פרייהייט!

די סאָציאַליסטישע אגיטאַציאָן האָט ניט פאַרפעהלט איהר ווירקונג. אין 1878 האָט די פּאָליציע דורכגעפיהרט אַ פּאַרטיע קיעווער סטודענטען דורך מאָסקווע קיין אַרכאַנגעלסק; די מאָסקווער סטודענטען זיינען אַרויס זיי באַגעגענען, עס זיינען אויף די סטודענטען אָנגעפאַלען די בוטשערס און האָבען זיי צו'הרג'ט און צו בלוטיגט ביז וואַנען די פּאָליציע האָט ניט געזאָגט: גענוג. אין 1884 האָבען די קיעווער סטודענטען געמאַכט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע (אַ מאַרטש מיט אַן אָפּען עיר מיטינג) דעמאָלט האָבען זיך אָן זיי געוואָלט אָנשליסען די פריקאַשטשיקעס, האָבען די סטודענטען אַליין ניט געוואָלט: עס איז אַ סטודענטען זאַכע, האָבען זיי געענטפערט. אין 1901 זיינען די אַרבייטער אַרויס אין טויזענטע און האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן די סטודענטען, און יעצט געהן די אַרבייטער און די סטודענטען האַנד אין האַנד. עס איז שוין געוואָרען אַ פאָלקס - בעוועגונג און מען זעהט אַז די רעגירונג האָט שטאַרק מורא.

צו שטילען די סטודענטען און די געבילדעטע קלאַסען, האָט מען אָבגעשאַפט לאַטיין און גריכיש אין די גימנאַזיעס, מיט וואָס מען האָט געמוטשעט קינדער דרייסיג יאָהר, ניט אַכטענדיג אויף די פּראָטעסטען פון די גאַנצע געבילדעטע קלאַסע, מען האָט געהאָפט אַז מיט לאַטיין און גריכיש וועט מען פאַרשטאָפּען די מוחות; און אַ לאַנגע צייט איז דאָס געלונגען. איצטער וויל זיך די רעגירונג אויסווייזען ליבעראַל, כדי דערמיט אויסצורופען אַן אונ'חן אויף די סאָציאַליסטען וואָס העטצען אויף די רעאַקציאָנערן און שטערן דעם פריעדליכען פּאָרטשריט. צו שטילען די סטודענטען האָט מען אַ פּאָר מאָנאַט צוריק געגעבען זיי אַ סאָרט קאָנסטיטוציע: זיי מעגען עלעקטען אייגענע רעפּרעזענטאַנטען צו באַשפּרעכען זייערע אַנגעלעגענהייטען, זיי מעגען מאַכען פעראיינע, האַלטען מיטינגס א. ז. וו. נאַטירליך אַלץ אונטער דער אויפזיכט פון דער שפּיאָנסקער רעגירונג.

דיא ארבייטער - סטרייקס האָבען געצוואונגען דיא רעגירונג צו פארקירצען דעם ארבייטס - טאָג דורך געזעטצע ; איצטער ערלויבט מען צו גרינדען ארבייטער - בילדונגס - פעראיינע. אין מאָסקווע, אין אָדעסס, אין ניקאָלייעוו האָבען זיך געגרינדעט אזעלכע פעראיינע, וואו מען דעבאטירט איבער דער ארבייטער־פראגע ; פּראָפעסאָרען פון אוניווערזיטעט האַלטען דאָרטען לעקטשורס.

דיא קליינע ביינדלאך וואָס דיא רעגירונג ווארפט ארויס דעם פאָלק וועקען נור אויף זיין אַפּעטיט. דיא סטודענטשעסקע קאָנסטיטוציע האָט ניט אָבגעהאַלטען דיא אונרוהען אין אַלע רוסישע אוניווערזיטעטען וועהרענד דיא לעצטע פאָר מאָנאט. און וואָס מעהר בילדונג דער ארבייטער באקומט, דאָס מעהר ווילט זיך איהם ווערן אנערקענט פאַר א מענשען ; וואָס מעהר דיא רעגירונג וועט נאָכגעבען, דאָס מעהר וועט ער פארלאַנגען.

פאַר אונז אידען האָט דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטישע בעוועגונג אין רוסלאַנד א בעזונדערע וויכטיגקייט. וואו מען כליאַסקעט דעם גוי מיט איין בייטש, שמייסט מען דעם אידען מיט צוויי : ערשטענס מחמת עס געפינט זיך אין זיין גוף א „קאַזיאָננער חלק“, וויא ביי יעדען רוסישען אונטערטהאַן, און צווייטענס ווייל ער איז דאָך צו אַלע צרות א איד. דער אַלטער רוסישער סאָציאַליזמוס האָט זיך צו דער אידישער פראגע אויפגעהאַלטען זעהר גלייכגילטיג. ביז דיא פּאָגראָמען האָט מען אין דיא געבילדעטע רוסישע קרייזען פון אַנטיסעמיטיזמוס ניט געהערט. דיא רעוואָלוציאָנערן האָבען עטליכע יאָהר געזוכט מיטלען וויא אויפצוהויבען א פאָלקס - אויפשטאַנד ; אין דיא פאָרגעשריטענע קרייזען האָט מען סימפּאַטיזירט מיט דעם „פאָלק“, מיט דער רעוואָלוציאָן. צום סוף, נאָך לאַנגע ווארטען, האָט זיך דאָס „פאָלק“ אויפגעהויבען. אמת, א שאַדען וואָס מען האָט געשלאָגען ניט דיא וואָס מען באדארף, אָבער עס מאַכט ניט אויס : אז אידען וועט זיך דאָס „פאָלק“ לערנען מאַכען „רעוואָלוציאָן“,— היינט שלאָגט מען דיא אידען, מאָרגען וועט מען געהן גענען דיא רעגירונג. און ווייטער, אז מען זאָל ריכטיג באטראַכטען דיא זאַך, קען דען דאָס „פאָלק“ זיין אונגערעכט ? דאָס „פאָלק“ שלאָגט דיא אידען, מסתמא איז דאָס ניט אומזיסט. — א איד איז אַן „עקספּלואטאטאָר“.

אזוי האָט מען גענומען פארענטפערן דיא פּאָגראָמען. דיא רעגירונג האָט זיך, נאַטירליך, בענוצט מיט דער געלעגענהייט פאַר איהר צוועק. דיא סאָציאַל - דעמאָקראַטישע בעוועגונג דאַגעגען — האָט געמאַכט אין דער הינזיכט א גאַנצע רעוואָלוציאָן אין דיא קעפּ פון דיא סאָציאַליסטען. ערשטענס, בעטראַכטעט ניט דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטיע יעדע שלעגעריי אַלס א „רעוואָלוציאָן“, מיט וועלכע א סאָציאַליסט איז מחויב צו סימפּאַטיזירען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גרייט זיך צו א קלאַססענבעוואוסטען קאַמפף ; פון א בלינדען אויסברוך פון פאָלקס־האַס ערוואַרטעט זיא גאָר נישט. צווייטענס, זיינען דיא אידישע ארבייטער אין רוסלאַנד, אזוי וויא דאָ אין אַמעריקא, דער טהעטיגסטער טהייל פון דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער בעוועגונג. דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג האָט געעפענט דיא אויגען ביי דיא דיינקענדע מענשען אין רוסלאַנד, און זיי האָבען דערזעהען אז דיא אידען זיינען ניט קיין עקספּלואטאטאָרס, אז זיי זיינען גרעסטען טהיילס פּראָלעטאריער און ארבייטער. די ווירקונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער בעוועגונג צייגט זיך דערין, אז איינע פון דיא פאָרדערונגען פון דיא סטודענטען אין אַלע דעמאָנסטראַציעס איז מען זאָל געבען אידען דאָס זעלבע רעכט צו שטודירען וויא גוים. דאָס איז א גאַנץ נייער ווינד ; פאַר 15 יאָהר צוריק וואָלט אזא פאָרדערונג ארויסגערופען אַן אָפּאָזישיאָן צווישען דיא סטודענטען גופא. דאָס מעג זיך אויסווייזען פאַר אזא זאַך וואָס האָט וועניג צו טאָהן מיט דיא אידישע ארבייטער. דער גייסט, דער פּרינציפּ איז אָבער וויכטיג.

דער קאַמפף וויטהעט איצטער אין רוסלאַנד. די רעגירונג ווייס קיין רחמנות ניט. וואו עס זיינען פאַר צוואַנציג יאָהר געפאַלען הונדערטער, פאַלען היינט טויזענדער קרבנות. אָבער מען קעמפפט, מען ליעגט ניט אונטערן פּעטשערע וויא פאַר צעהן יאָהרן, און אין דערין איז שוין פאראַן א האָפענונג. „אין'ם קאַמפף וועסט דוא דיין רעכט ערווערבען !“

יצחק אייזיק בן אריה צבי.

* * *

---

איך האָב גאָר אליין ניט פארשטאַנען,
אַז טיעף אין מיין ברוסט איז פאראַנען
א שטיללער, פאר'חתמ'טער ברוננען;
איהר פנים, איהר לאַכענדע שטיממע
האָט פלוצלינג צובראָכען דיא חתימה
און איך האָב אַן אוצר געפונען
פון נייע געדאַנקען און נייע געפיהלען,
פון מוטהיגעם לעבען און קרעפטיגען וויללען....

איצט שטראָמט עס און פליססט עס,
און אַלסדינג פערזיססט עס,
און אַלס ווערט באשטראַהלט און באלויכטען;
דיא געגענוואַרט זינגט מיר,
דיא צוקונפט, זיא ווינקט מיר
גן־עדן'ס מיט גאָלדענע פרוכטען...

---

אוועג דיא געדאַנקען וואָס פלעגען
זיך האַלב וויא געשטאָרבען באוועגען,
אָהן טעם, אָהן א ריח, אָהן פאַרבען...
געפילט מיט א כח א נייען,
איז פלוצלונג געוואָרען דער רעיון,
און וויל גאָר ניט וויסען פון שטאַרבען...
דיא ערד און דער היממעל, דיא זונן און דיא שטערען,
מיר דאַכט זיך, אַז אַללע צו מיר נאָר געהערען...

אָה, געטטין פון לעבען,
ווער האָט דיר געגעבען
דיא מאַכט וואָס מיין הערץ האָט געוואוננען? —
צום גרינעם גן עדן
פון לוסט און פון פריידען,
וואו האָסטו דעם שליססעל געפונען?...

דענווער. יהואש.

# דיא טרייד־יוניאָנס און דער סאָציאַליסטישער אידעאַל.

---

איז עוואַנגעליום ווערט דערצעהלט, וויא אַפּאָסטאָל פּעטרוס איז אַמאָל געגאַנגען איבערן וואַסער צו בעגעגענען יעזוס כריסטוס. ער איז געגאַנגען מיט דעם כוח פון דעם גלויבען. און ווען דער גלויבען האָט איהם אויף איין מאָמענט פערלאָזען, האָט ער זיך אָנגעפאַנגען צו טרינקען.

דאָס איז איינע פון דיא שעהנסטע לעגענדען פון דעם עוואַנגעליום, וואו עס ווערט אַרויסגעשטעלט אין אַ הערליכען בילד דער גרויסער כוח פון גלויבען.

דיעזע לעגענדע קומט אימער אַרויף אויפ'ן זינן, ווען מיר זעהען פאַר זיך דיא גרויסע צוזאַמענשטויסע צווישען אָרגאַניזירטען קאַפּיטאַל און אָרגאַניזירטער אַרבייט. אין דיא אויגען פון גאַנצען לאַנד ווערען אויפגעשפּיעלט, אַלץ אָפטער און אָפטער, דיא אטהעם פערכאַפּענדע סצענען פון דיעזע וואונדערבאַרע קעמפּפע; צעהנדליגע, הונדערטער טויזענדער אַרבייטער, גאַנץ אָפט גוט בעצאָהלטע, אָפּפערן זייער הויכען לוין, זיינען מפקיר די זיכערהייט אין דעם מאָרגעדיגען טאָג און שטעלען זיך אַוועק אויג אויף אויג, צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליען, געגען דער מעגליכקייט צו פערהונגערן. צעהנדליגע טויזענדער פרויען, מוטערס פון קינדער, שרעקען זיך ניט אָפּ פאַר דיא פינסטערסטע אויסזיכטען פון מאַנגעל און דלות, צוזעהן אַרום זיך פון טאָג צו טאָג, וויא דער עלענד וואַקסט אַלץ פון אַלע ווינקלען, וויא זייערווירטהשאַפט, וועלכע איז איינגעאָרדענט מיט יאָהרען פון מיה, ווערט רואינירט, זייערע קינדערלאַך ניט געגעסען. דאָ זעהן מיר פאַר זיך אימער הונדערט. טויזענדיגע אַרמעען פון העלדען, וועלכע נעהמען אויף מיט גרויס קוראַזש און זעלבסט אויפאָפּפערונג דיא ביטערסטע, פערצווייפעלסטע מלחמות.

דער שונא האָט אָבער אויף זיין זייט אַלעס: דיא גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסע, וועלכע איז אימער מע... קלאַסען בעוואוסט, אַלס דיא אַרבייטער קלאַסע, דיא איינפלוסרייכע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע, דעם אונגעהייערען פּראָגרעס פון דער מאַשינעריי, וועלכע מאַכט פאַר איהם אַלץ וויינינגער נויטווענדיג געלעהרענטע און איינגעאיבטע אַרבייטער, דעם ביטערען נויט, דיא נידערשלאָגענהייט און הילפלאָזיגקייט פון דיא גרויסע רעזערוו אַרמעען, דיא מאַסען אַרבייטסלאָזע, וועלכע זיינען אימער בערייט צו סקעבען, און, וואָס איז אַם מעהרסטען וויכטיג, דיא אַלע נויטיגע מענשען, וועלכע שטייהען ביים רודער פון דער רעגיערונג — דער שונא האָט דאָס אַלעס, וואָס האָבען דיא אַרבייטער?

דיא אַרבייטער גייהען דאָ אימער דורך אַ געפעהרליכען תהום. אין וואָס זשע בעשטייט זייער גלויבען, דיזער אַלמעכטיגער גלויבען, וועלכער זאָל זיי אויפהאַלטען פון אנפאַנג ביז סוף, יעדע מינוט, יעדע סעקונדע, זיי זאָלען אין מיטען וועג צו גרונדע ניט גיין?

* * *

„אַלע רעדער שטייהען שטיל
ווען דיין שטאַרקער אַרם וויל!“

האָט אַ מאָל געזאָגט דער דיכטער צום פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז טאַקע ריכטיג. אָבער ניט אַזוי גרינג טהוט זיך, וויא עס זאָגט זיך. און אויב עס ווערען געמאַכט דיא גרעסטע אנשטריינגונגען, און עס ווערען געבראַכט דיא שרעקליכסטע אָפּפער און עס טהוט זיך שוין יע — וואָס זעהען מיר אין דער ווירקליכקייט?

דיא אינדוסטריעלע ענטוויקלונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, וועלכע איז צוגעגאַנגען דיא לעצטע יאָהרען אזוי ראַש און אויף אַזאַ ריעזיגען אופן, האָט אַרויסגערופען אזוי צו גלייך דיא ענטוויקלונג פון ריעזיגע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען. דיעזע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען האָבען אויפגענומען ריעזיגע קעמפּפע, וועלכע האָבען זיך אָבער כמעט אימער געענדיגט מיט גאַנץ קליינע רעזולטאַטען. מיר ווע־לען שוין ניט ריידען פון יענע גרויסע אומגליקען, ווען דיא ריעזיגע סטרייקס זיינען צוקלאַפּט געוואָרען אויף די קלאַבס פון דער פּאָליציי, אָדער צושטאָכען געוואָרען אויף דיא שפּיצען פון דיא סאָלדאַטסקע באַיאָנעטען. זאָגאַר דאָרט, וואו דיא אַרבייטער האָבען געזיעגט, איז עפּעס אימער אויסגעקומען אזוי, דאָס דער זיעג האָט אַריינגעזעצט אין דיא הערצער פון דיא זיעגער ניט צוטרוי און אויפמונטערונג, נור פּורכט.

און דאָס זיינען דאָך ריכטיג געווען קלאַסען קעמפּפע! דאָס זיינען געווען ניט דיא קלאַסען־קעמפּפע, וועלכע זיינען איינגעשרומפּען, דיר ניט מיר ניט, אין אַ רויטען קאַרטעל אין טאַש אָדער אַ רויטען קנעפּעל אויף דיא לאַצען; און ניט דיא קלאַסען־קעמפּפע, וועלכע הוזשען מיט אַ שרעקליכען גערויש פון ווערטער ערגעץ אין אַ ווינקעל פון אַ פערוואָרפענעם האָל אָדער אַ ניט געלעזענער צייטונג; זאָגאַר ניט דיא קלאַסען־קעמפּפע, וועלכע דריקען אויס זייער „מעכטיגקייט" אין איין שימפּפען אויף אַלע דיא יעניגע, וועלכע אַנערקענען ניט אַ פּינטעלע פון „אונזער" הלכה־למשה־מסיני תורה. דאָס זיינען געווען ווירקליכע הערליכע קעמפּפע פון אָרגאַניזירטע אַרבייטער געגען דעם ריעזיג ענטוויקעלטען קאַפּיטאַל, וועלכע האָבען דאָס גאַנצע לאַנד אויפגעריהרט, אויף וועלכע מען האָט פיעל ענערגיע אַוועקגעקלאַפּט, וועלכע האָבען פיעל אָפּפער געקאָסט. און דאָך זיינען זיי געווען אַזוי אָרעם אין רעזולטאַטען, און דאָך האָט זיך אימער געפיהלט, אַז עפּעס פעהלט אין זיי, וואָס נעהמט פון זיי אַוועק אין גאַנצען זייער גרויסע בעדייטונג.

אין זיי האָט נעמליך געפעהלט דער בעוואוסטזיין פון דער אַרבייטער קלאַסע אַלס אַ קלאַסע — דיעזער בעוואוסטזיין, וועלכער בינדט צוזאַמען אַלע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען אין איין גאַנצעס, וועלכער פעראייניגט זיי אויף יעדען פּונקט פון געזעלשאַפטליכען לעבען; אין זיי האָט געפעהלט דער גרויסער בעגייסטערענדער אידעאַל פון דער אַרבייטער קלאַסע.

דיא אַרבייטער־קעמפּפער, וועלכע קוקען אויס דיא אויגען, אין צייט פון זייערע שוועריגקייטען, אויף אַ מאַרק האַנאַ און עהנליכע „פּערטהיידיגער" פון דער אַרבייטער קלאַסע, וועלכע קעמפּפען געגען דיא מאַרגאַן'ס און שטימען פאַר דער פּאַרטיי פון דיא מאַרגאַן'ס; וועלכע ערווייזען אַליין זייערע הענקער, אום נאָכהער, ווען עס וועט קלאַפּען דיא שטונדע, פון זיי גע'ממית'ט צו ווערען — אַזעלכע אַרבייטער, וויא בראַוו און מוטהיג זיי זאָלען זיך ניט האַלטען אין זייערע קעמפּפע, מוזען אַלץ אימער אָנקומען צו דער „פּערטהיידיגונג" פון דיא מאַרק האַנאַ'ס, מוזען אַלץ אימער בלייבען אונטערן יאָך פון דיא מאַרגאַן'ס, מוזען אַלץ אימער שטיין אונטערן דראָהענדען חלף פון דיא הענקערס.

דיא אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע לעבען געשעפטסמעסיג נור פאַר זיך אַליין און דאָס אויך נור, אַזוי צו זאָגען, פון האַנד אין מויל אַריין, וועלכע האָבען ניט קיין ערנסט געמיינשאַפטליכעס מיט דיא איבעריגע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען וועלכע האָבען ניט קיין אַלגעמיינעם קלאַסען־אידעאַל, וואָס זאָל זיי, צוזאַמען מיט אַלע אַרבייטער אין לאַנד, בעגייסטערען פאַר איין צוועק און פאַר איין שטרעבען — דיעזע אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען קענען קיין מאָל ניט פייערן יענעם זיעגרייכען טריאומפף, וועלכער זאָל אויפשטראַהלען אויף דער גאַנצער אַרבייטער קלאַסע און אין וועלכען דיא גאַנצע אַרבייטער קלאַסע זאָל זיך בעטהייליגען.

דיעזע אַרבייטער און אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָנען מוזען זוכען פּערטהיידיגונג דורך פאַלשע הינטערטהירען, זיי מוזען שפּיעלען אין זשמורקעס מיט דיא פּאָליטישענס, זיי מוזען דינגען פיהרער פאַר אַ געוויסען פּרייז. אָבער ניט אימער קענען זיי דורכדרינגען זאָגאַר דורך דיא פּאָליטישע הינטערטהירען, וועהרענד פאַר דעם קאַפּיטאַליסט איז ברייט אָפען

דער פאראדנער אריינגאנג; ניט אימער קען מען קריגען פאר געלד יענע פיהרער וועלכע זאלען זיין בערייט זיך מוסר נפש צו זיין פאר דער ארבייטער זאכע. אמת'ע אפפער קען מען בריינגען נור פאר א גרויסער אידעע, אבער ניט הייל פאר געהאלט.

דארום ווערען עס ביי אונז דיא הערליכסטע ארבייטער קעמפפער אזוי לייכט דערטרונקען אין טייכען בלוט; דארום מוזען עס הונדערטער טויזענדער בראווע ארבייטער אָנקומען זאגאר צו דיא הילפע פון גלחים, וועלכע גייהען אויסשלאגען פון זייערע אומגליקען קירכען קאפיטאל; דארום קענען זיי אימער ערווארטען פון זייערע אייגענע פיהרער פערראטה און פון דיא פיהרער פון „פרעמדע" ארבייטער ארגאניזאציאנען גלייכגילטיגקייט. דיעזע „פרעמדע" ארבייטער פיהרער וועלען גערן א בליאשקע טהאָן אין דער עפענטליכקייט אלס שלום מאכער, אָבער זיי וועלען זעהר און זעהר ניט גערן אפפערן מיט בייטרעגע צו „פרעמדע" סטרייקער; זיי וועלען גיכער רואינירען יעדען „פרעמדען" סטרייק, איידער ארויסצורופען זייער ארגאניזאציאנען אויף סימפאטהיע סטרייקס.

דארום קען עס ביי אונז געמאָלט זיין אזא קאָנפערענץ, וועלכער איז ניט לאנג פארגעקומען אין ניו-יארק, וואו מארק האנא און שוואב פון איין זייט און גאמפערס און שאפער פון צווייטער זייט האָבען געשלאסען פריעדען צווישען קאַפיטאל און ארבייט. דיעזער קאנפערענץ האָט נאָר איין פערגלייך צווישען אלע גרויסע וועלט-ליגענס—דאס איז דער פריעדען קאָנפערענץ, וועלכען דער צאר האָט מיט א פאר יאהר צוריק צונויפגערופען אין האאג.

* * *

נור א נשמה קען געבען דיא אמת'ע בעגייסטערונג—יענעם אלמעכטיגען גלויבען, וועלכער בעוויזט וואונדער, וועלכער ריהרט בערג פון זייערע ערטער, וועלכער פיהרט דורך פייער און דורך וואסער. און דאס פעהלט ביי דיא אמעריקאנישע ארבייטער ארגאניזאציאנען; ביי זיי פעהלט דער ערהאבענער אידעאל, וועלכער בעשאפט דיעזען גלויבען און האלט איהם אויף אין דיא הערצער פון אנפאנג ביז'ן סוף.

דיא אמעריקאנישע ארבייטער ארגאניזאציאָן — דאָס איז א גוף אָהן א נשמה.

דיא נשמה פון א ארבייטער ארגאניזאציאָן איז דער סאָציאַליזמוס; ביי אונז אין אמעריקא, אָבער, עקזיסטירען דיא סאציאליסטען אָהן אַן ארבייטער בעוועגונג און דיא ארבייטער בעוועגונג אָהן סאָציאַליסטען.

גאנץ אַנדערש איז דא דער פאַל מיט אונזערע אידען. דיא אמעריקאנישע אַרבייטער-ארגאניזאציאנען האָבען קיין מאָל ניט געהאַט קיין גרויס שייכות מיט דעם סאציאליזמוס און זיינע אויסגעשפראכענע פארשטייער, וועהרענד ביי דיא אידען זיינען דאס געוועזען סאציאליסטען, וועלכע האָבען בעשאפען דיא אלע ארבייטער ארגאניזאציאָנען, דיא גאנצע אידישע ארבייטער בעוועגונג.

דיא אידישע סאציאליסטען זיינען דאס געוועזען, וועלכע האָבען אריינגעבלאזען דעם גייסט פון אחדות און סאלידאריטעט אין דעם סקעלעט פון דעם אידישען ארבייטער. זיי האָבען צו איהם געטראגען דיא סאציאליסטישע תורה, דעם סאציאליסטישען פייער, דיא סאציאליסטישע בעגייסטערונג. זיי האָבען איהם פיעל גוטעס, פיעל שיינעס און ערהאבענעס געגעבען; זיי האָבען איהם נור איינס ניט געגעבען—דאס איז א ריכטיגע און פעסטע ארגאניזאציאן; זיי האָבען אויף דעם קיין צייט ניט געהאַט.

און דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג איז געווארען דאס, וואס זיא איז— א נשמה אָהן א גוף.

דער אידישער סאציאליסט, וויא עס איז אימער דער פאַל מיט'ן אידען, האָט צוליעב עולם הבא ניט געצאָהלט קיין אויפמערקזאמקייט צו עולם הזה; צוליעב דעם אידעאַל זיך וויניג אומגעקוקט אויף דער ווירקליכקייט. דארום האָט ענטהוזיאזמוס שוין גראדע ניט געפעהלט אין דער אידישער ארבייטער בעוועגונג; דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג האָט אָבער געלעבט נור דאן, ווען עס האָט אין איהר געלעבט דער ענטהוזיאזמוס, וועהרענד דער ענטהוזיאזמוס איז א זאך, וואס קען לאנג ניט לעבען.

דיא אידישע ארבייטער בעוועגונג— דאס איז א בית עולם, וואו עס ליגען בע-

גראבען פיעלע שיינע און עהרליכע ענט־הוזיאסטישע זייפען בלאזען.

און ווען אין דער סאציאליסטישער סעקטע פון דיא גוים האָט זיך געלאזט הערען דיא שטריינגע קאָמאנדע אונטער־צוגיין מיטן סאציאליזמוס צו דיא אר־בייטער ארגאניזאציאנען, אזוי וויא משה איז אמאָל אונטערגעגאנגען מיט דער תורה צו דיא אידען, ווען מען האָט בעפעהלען אָנצובויגען אויף דיא אָרגאניזירטע אר־בייטער דעם בארג סיני און זאגען: „אויב איהר וועט אָננעהמען דיא תורה איז גוט, אויב ניט מאַך איך דא פון אייך אייער קבר!" — דאן איז דער חורבן אין דער אידישער ארבייטער בעוועגונג געווארען פאלקאם.

דיא אידישע סאציאליסטען האָבען פערגעסען, אז זיי זיינען דא צווישען דיא אידישע ארבייטער ארגאניזאציאנען ניט קיין סעקטע, אזוי וויא עס זיינען דיא גויאישע סאציאליסטען צווישען דיא גוי־אישע ארבייטער ארגאניזאציאנען, אז זיי אליין זיינען אייגענטליך דיא יעניגע, וועל־כע האָבען עס בעשאפען דיא אלע אידישע ארבייטער ארגאניזאציאנען, אז פאר אלץ וואס עס קומט דארטען פאר זיינען זיי אליין נור פעראנטווארטליך; זיי האָבען עס פערגעסען, און זיי האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט פון צעשטערונג מיט דעם זעלבען ענטהוזיאזמוס, מיט וועלכען זיי האָבען פריהער פארגענומען דיא ארבייט פון אויפבויאונג.

דיא גויאישע סאציאליסטישע סעק־טע איז ניט געווען אימשטאנדע צו שע־דיגען דיא גויאישע ארבייטער בעוועגונג; זיא האָט נור זיך אליין אָפגעהאקט פון דער אלגעמיינער ארבייטער בעוועגונג; איהרע מיטגליעדער זיינען געווארען צווי־שען דעם אונקלאסען־בעוואוסטען פראָלע־טאריאט דיא פערהאסטע קלאסען בע־וואוסטע אריסטאָקראטען. גאנץ אנדערש איז אבער געווען מיט דיא אידישע סאצי־אליסטען, וועלכע האָבען געוואלט און טאַ־קע געקענט פערניכטען זייער מעשי ידם, זייער גאנצע אייגענע טהעטיגקייט.

און אזוי איז פון דער אידישער אר־בייטער בעוועגונג געווארען... גארנישט.

וועהרענד דער באדען פאר א מערק־ווירדיגער סאציאליסטישער ארבייטער בעוועגונג איז ערגעץ ניט אזוי גינסטיג, וויא צווישען דיא אידישע פראלעטאריע־ אין אמעריקא. קיין פאלק דרינגט זיך ניט דורך אזוי שנעל מיט דעם סציאליזמוס, וויא דאס אידישע, און אין קיין אָרט אויף דער וועלט זיינען ניט אָנגעזאמעלט אזא מאסע אידען־ארבייטער, עכטע פאב־ריטשנע ארבייטער, וויא אין דיא אמע־ריקאנישע גהעטאס. דער סאציאליזמוס האָט דא געקענט מאכען צווישען דיא אי־דישע ארבייטער ריעזען־שריטע; דיא אי־דען האָבען דאָ געקענט דיענען אלס א גלענצענדער ביישפיעל, אלס א מוסטער־פאר דיא איבעריגע נאציאנאליטעטען, וועלכע וואהנען אין אמעריקא.

די אידישע ארבייטער בעוועגונג איז אבער פון אָנפאנג אָן געווען א נשמה אָהן א גוף; דארום האָט זיא אין אונזער וועלט פון חומר און עולם הזה'דיגע זאכען ניט געקענט עקזיסטירען.

און פיעלע אידישע סאציאליסטען טרייסטען זיך נאָך אלעמען מיט חלשות: זיי זאגען, אז אויב זיי האָבען צווישען זייערע אייגענע אידען גארנישט געקענט מאכען, וועלען זיי אוועקגיין צו דיא גויב, אז אויב זיי האָבען דיא קליין פיינגעלע ביי זיך אין האנד ניט איינגעהאלטען, ווע־לען זיי זיך יאגען נאָך אָן אדלער אין הימעל.

דיא אמעריקאנישע ארבייטער בעווע־גונג און דיא אידישע צום ביישפיעל— דאס זיינען צוויי קאָנטראסטען: א גוף אָהן א נשמה און א נשמה אָהן א גוף; דיא אמעריקאנישע ארבייטער בעוועגונג קען זיך נאָך ביז איצט ניט ערהויבען איבער דיא פיער איילען פון דער פראַקט־טישער ווירקליכקייט, וועהרענד דיא אי־דישע ארבייטער בעוועגונג, דאגעגען, וויל זיך נאָך ביז איצט בשום אופן ניט אָפ־געבען מיט דער זינדיגער ערד. און ווען דיא צוויי קאָנטראסטען וועלען פערשווינ־דען, ווען דיא אמעריקאנישע ארבייטער אָרגאניזאציאָנען וועלען בעזעעלט ווערען מיט א נשמה און דיא אידישע בעוועגונג וועט בעקליידעט ווערען מיט א גוף, ווען דיא ווירקליכקייט וועט זיך איבעראל צו־נויפגיסען מיט'ן אידעאל, דאן ערשט ווע־לען מיר זעהען אין אמעריקא א ריכטיגע, לעבעדיגע, סאָציאַליסטישע ארבייטער בע־וועגונג.

ווען וועט עס אבער קומען דיעזע

גליקליכע און גוטע צייט? צו דען וועט עס אימער בלייבען איינע פון יענע אייביגע פראגען, וועגען וועלכע מען זאגט, אז נור נאַרען קענען ערוואַרטען אַן אנטוואַרט?

* * *

היינע, אין איינעם פון זיינע געדיכטע, דערציילט פון אַ ריעז, וועלכען ער האָט געזעהען אין אַ געמעלדע גאַלעריע. דער ריעז רייסט זיך צו קעמפפען דעם גרויסען קאַמפף פון דער צייט, אבער ער קען ניט: בלומען נעהמען איהם ארום און בינדען איהם פון אַלע זייטען.

אזא ריעז זעהען מיר אויך אין געשטאַלט פון דער היגער אַרבייטער בעוועגונג. דער ריעז מאַכט אַפּטמאָל געוואַלטיגע אנשטריינגונגען און אָט־אָט, דוכט זיך, רייסט ער זיך שוין אַרויס און קעמפפט דעם „גרויסען קאַמפף פון דער צייט". אבער עס נעהמען איהם אַרום פון אַלע זייטען און בינדען איהם און פענטען איהם הענד און פיס, אויב ניט בלומען, איז קראַפּיוועס, יענע ווילדע קראַפּיוועס, מיט וועלכע עס איז אַזוי געדיכט פערוואַקסען דער הערליכער גאַרטען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען אין אַמעריקא.

און ווען דער ריעז וואָלט געמאַכט בלויז אַ העלפט, בלויז אַ פיערטעל פון זיינע אנשטריינגונגען, אָבער אין אַ פרייען צושטאַנד, דאַן וואָלט ער דאס גאנצע לאַנד אויפגעטרייסעלט.

און ווען דער ריעז וואָלט זיך געפונען אין אַ פרייען צושטאַנד, דאַן וואָלטען זיינע כוחות און זיינע אנשטריינגונגען פערדאָפּעלט, פערפיערפאַכט געוואָרען.

און פינסטער וואָלט געווען דער שיקזאַל פון זיין שונא, וועלכער וואָלט דאַן אויף איהם געקוקט ניט מיט פעראַכטונג, נור מיט טויט שרעקען; און גרויס וואָלט געוועזן דיא ענטציקונג פון זיינע פריינדע, וועלכע קוקען איצט אויף איהם מיט בעדויערן, מיט טרויער.

אָבער ער איז אַרומגענומען, ער איז פערפּענטעט אין קראַפּיוועס!...

א. ליעסין.

---

פ ו ן   פ ו ש ק י ן.

דוא דאַרפסט זיך, ליעבער פריינד, אויף מיר ניט שטאַרק בעקלאַגען.
דוא פרעגסט מיר אויף דיין ווייב, — נו, וועל איך דיר איצט זאגען.
איך בין דאך, כ'לעבען, גאר ענטציקט פון איהר.
ווען ס'וואָלט מיר זיין בעשערט מיט זאלכע ד ר י י צו לעבען.
וואָלט איך, ניט טראַכטענדיג צ ו ו י י דעם טייפעל אָבגעגעבען.
ער זאָל דיא ד ר י ט ע צונעהמען פון מיר!

---

# א תפילה

## צו גאָט מאַמאָן — דעם עגל הזהב.

אַללמעכטיגער גאָט, אַללוועלטליכער פיהרער,
דו גרויזאמסטער, שרעקליכסטער, שטאַרקסטער רעגיערער!
נאָר דיר אליין דיען איך — איך האָב דען א ברירה?
און — גאָט! — איך בין מודה — איך דיען דיך אויס מורא...

מיין הארץ איבערפיללסטו מיט אנגסט און יסורים,
איך ציטער פאר דיר, וויא א בלאט אין א שטורם;
פיר'ן הימלישען בורא — דאָס שווער איך דיר הייליג! —
האָב איך ניט קיין פּחד א טויזענדען חלק...

און וואָס איז דער חידוש, וואָס איז פיר א וואונדער?
דו ווילסט זיך ניט פאשען מיט אָקסען און רינדער —
א שעפּסעל, א קעלבעל שטעלט דיר ניט צופריעדען
אזוי וויא יעהאָוואה'ן דעם גאָט פון דיא אידען...

אָ, דיר שמעקט דאָס פלייש נאָר פון מעננער און פרויען,
וואָס זייען און שניידען און וועבען און בויען;
דוא פאָדערסט פאר אָפּפער דיא בראַווסטע און בעסטע,
דיא עדעלסטע, מוטהיגסטע, קליגסטע און גרעסטע!

מיליאָנען מזבחות, מיליאָנען כהנים
שעכטען מיט פרומקייט אויף אַלע אופנים,
מיט בלישטשענדע מעסערס, מיט ברייטע חלפים —
און ס'פאלען קרבנות אין אלפי אלפים!...

עס רוהען קיין רגע דיינ' נעגעל און ציינער,
און בלוט זויפסטו ימים און ס'קנאקען נאָר ביינער,
דורך טאָג און דורך נאכט און עס נעהמט גאָר קיין סוף ניט! —
א „הנה לא ינום“, דיר נעדמט אויך קיין שלאָף ניט! . . .

און מעהר נאָך פון קראנקהייט, פון בייזע מזלות,
פון פרויען ארורות, פון תוכחה־קללות,
פערהאָס איך דיך, מאַמאָן! — דאָך, היט איך דיין תורה,
ווייל, כ'זאָג דיר דעם אמת — איך האָב ניט קיין ברירה.

---

א גרויזאַמער גאָט! א יעדווידער קען איהם,
ר'איז ערגער פון אשמדאי — שר פון גיהנם....
דאָך האָט ער אויך מעלות וואָס שטילען מיין צאָרן:
פאר זיך אליין בויט ער זיין פינסטערן ארון,

און גראָבט זיך זיין קבר אַלץ טיעפער און ברייטער,
און אויך דיא תכריכים אליין פיר זיך נייט ער,
און שטעהט שוין ניט אויף מעהר צו תחית המתים,
ווען ס'נעמט שוין דער קבר צו זיך אין זיין שויס איהם.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

נאָר ווען וועט ער זינקען?... — דער גוטער יאָהר וויים איהם!...

יעקב מאַרינאָוו.

# פון א וואָרט א קוואָרט.

## מ צ י א ו ת.

מיין קאָזינ'ס ווייב איז ארייגגלאָפּען אין שטוב, אַ פּאַרסאָפּעטע, אַ פערשוויצטע, א רויטינקע וויא אַ בוריקעל. ווען זיא וואָלט ניט געווען קיין שעהנע ווייבעל, וואָלט זיא קיין גרויסער בילד פון דעם ניט אויסגעזעהען. אַ שיינע פּאַסט אָבער אַלץ. אַז דיא נאַטור שניצט אויס אַ גראָטענעם נעזעל, מאָלט אויס אַ פּריאַטנע פּאָר בעקלעך, צינדט אָן ליעבליכקייט אין דיא אויגען און גיסט אריין לעבעדיגקייט אין דיא ווינקלען פון דיא ליפּען, איז מען פאַרשוויצטער־הייט, פּאַרסאָפּעטער־הייט אויך חן'עוודיג.

הקיצור, זיא איז אין שטוב אריינגעפאַלען, — ניט אריינגעגאַנגען, — און פון איהרע אָרעמס האָבען געגומען רעגענען פּעקלעך.

— אָי, היימעלע! קריינעלע! לעבען זאָלסטו, געזונד זאָלסטו זיין! האָב איך אַ ביסעל אָנגעקויפט באַרגיינס!... איך האָב דאָך שוין עפּעס געזעהען ביליג, אָבער אזוי ביליג, אזוי אומזיסט!... זינד דוא לעבסט, זינד דוא שטייסט אויף דיא פיס!... אָט וועלען מיר זעהען וויא דוא וועסט שאַצען...

ביי היימעלען אויפ'ן האַרצען איז אפילו געוואָרען אסרו חג'דיג. ער האָט שוין געוואוסט דעם פּשט פון דיא באַרגיינס. אַז מען האָט אָבער ליעב דיא ווייב, און זיא האָט נאָך האַלב ־ קינדערשע מינעלעך ליעבליכע, פאַרגעסט מען זיך אָן אַלעם און מען קוועלט קוקענדיג אויף אַלץ וואָס זיא טהוט, מיט אַ שמייכעל, טאַקע וויא צו אַ ליעבעם קינד.

אָבער איך, — וואָס בין איך? ניט מעהר וויא דעם מאַן'ס אַ קאָזין. וואָס גייט עס מיר אָן? ניט איך האָב געהאַט קיין אסרו חג אויפ'ן האַרצען, ניט איך האָב געקוואָלען קוקענדיג וויא אויף אַ קינד.

אַ זייטיגער געדאַנקען האָט דעריבער געהאַט פּלאַץ און ער האָט זיך ארייגגעקליבען צו מיר.

באַרגיינס, מציאות. דיא ווייבער פרייען זיך... — זאָג איך צו זיך אַליין — וואו מען שטייט און וואו מען גייט, אין דיא קוואַרטאַלען וואו דיא אָרימע אָדער ניט־רייכע וואָהנען, איז רק מציאות. דיא גרויסע סטאָר פענסטער זיינען פערהאַנגען מיט צעטעלעך. וואָס שרייען „רעדאָקשאָן!“ „קאַט פּרייסעס!“ „דריי דאָלאַר, רעדיוסט פון 5 און אַ האַלב!“ „אַ דאָלאַר ניין און ניינציג סענט, רעדיוסט פון זיעבען פינף און צוואַנציג!“, אין כסדר אזוי. אָבער מציאות, וויעדער מציאות. דיא אויגען ווערען פערבלענדעט, דיא אויערען פערטויבט פון מציאות. און דיא באַרגען קאָונטערס זיינען בעלאַגערט, און דיא דעפּאַרטמענטס סטאָרס קאָכען, עס איז אַ געלאַף, אַ הוהאַ, כ'לעבען אַ לעבעדיגע וועלט...

אָבער פאר וואָס איז אין דיא סטאָרס, וואו דיא גאַנץ רייכע קויפען, ניטאָ קיין רעדאָקשאָנס, מיט קיין באַרגיין קאונטערס, מיט קיין מציאה צעטעלעך? פאר וואָס, האַ?

כ'לעבען ביי דער פראַגע דערמאָן איך זיך, אַז דעם גאַנצען לעבען האָב איך זיך געיאָגט נאָך מציאות און עס ווערט מיר אומעדיג. אַלץ וואָס איך האָב ווען עס איז געגעסען אָדער געטראָגען איז געווען מציאות. קיין מאָל האָב איך זיך ניט פערקלעהרט וועגען דעם. אַלע מאָל האָב איך זיך געפרייט, וויא מיין קאָזין'ס ווייב, אַז איך האָב נור געכאַפּט עפּעס אַן אונגעוועהנליכע מציאה. איצט אָבער, אַז איך

זעה זיך ארום, פאַל איך פלוצלונג אראָפּ ביי זיך, און מיין גאַנצער מציאה'דיגער לעבען ווערט מיר מיט אַמאָל מיאוס און עפּעס זעהר אָבידנע. דיא קליידער מיינע זיינען קיין קליידער ניט, דיא עסענוואַרג — קיין עסענוואַרג ניט. עס איז ניט מעהר וויא מציאות.

איהר פאַרשטייט, ליעבער פריינד? אין דער פינפטער עוועניו טראָגען זיי בגדים, עסען שפּייז, טרינקען געטראַנק, ניצען מעבעל, וואָהנען אין דירות, און איך — גוואַלד, אויף דער עלטער זעה איך זיך ארום, אַז דעם גאַנצען לעבען האָב איך געטראָגען, געגעסען, געטרונקען, גע־ניצט, געצאָהלט דירה־געלט פאַר מציאות!

דיא אידען איז מיאוס געוואָרען מן, — אָנשטאָט ברויט מן, אָנשטאָט פלייש מן, אנשטאָט פוטער מן — היינט פאַר וואָס זאָל מיר ניט מיאוס ווערען מיין לעבען פון מציאות? דיא אידען וואָס האָבען זיך געשפּייזט מיט דעם מן האָבען זיך בעקלאָגט, אַז דאָס עסען איז קיין עסען ניט. און איך, — רבונו של עולם! מיין גאַנצער לעבען איז קיין לעבען ניט. איך בין שוין אַלט, אָבער דאַכט זיך, איך האָב נאָך גאָר ניט אָנגעהויבען צו לעבען. עס איז געווען איין לאַנגע, לאַנג־יעהריגע מציאה, ניט קיין לעבען... אַך, וויא עס וואָלט זיך וועלען צוריק געבאָרען ווערען און איבערלעבען דיא יאָהרען צוריק, אָבער לעבען — ניט מציאה'ווען...

איך טראַכט ווייטער.

גוואַלט, וואָס פאַר אַ נאַראָנים מיר, פּראָלעטאַרישקער, זיינען דאָס! מיר פרייען זיך נאָך מיט דעם וואָס אַנשטאָט אַ לעבען האָבען מיר אַ מציאה. אַ שמחה אַ גדולה, רעק זיינען ביליגער געוואָרען, אַ דינער קענט איהר קריגען פאַר 12 סענט מיט סיגאַרעטס צוגאָב. הורראַ! מעבעל איז בחנם, שיך קענט איהר קריגען אַ באַרגיין!... דיא קאַפּיטאַליסטען שטאָפּען אונז אָן מיט כאָלעריע, בעקליידען אונז מיט פּוילענעס, רינגלען אונז ארום מיט צוגעפּוצטע מגפות, און מיר כאַפּען און פרייען זיך מיט דיא מציאות... אָבער דאָס איז ניט דער עיקר. אַ ביסעלע שכל, אַ שטיקעלע גמרא קאָפּ, און דער רים אין האַרצען ווערט נאָך גרעסער.

בארעכענט: מיר, פּראָלעטאַרישקער פרייען זיך, וואָס אַלץ ווערט ביליגער. נו, וויא באַלד אַז אַלץ, טאָ וואָס איז מיט דיר אַליין, ר' פּראָלעטאַר? דוא ביסט אַ יחסן? קוק זיך ארום, צייל איבער דיא ווייזדזשעס. נו? וואו האַלט עס? דוא אַליין ביסט אויך ביליגער? כאַ, כאַ! שאַ, באַליידיגט זיך ניט פון מיין געלעכ־טער, מיט יאַסצערקעס לאַך איך. אָבער וואַרט, צושלאָגט מיר ניט דעם שכל. איך בין נאָך אין רעכטען מיטען.

זאָגט מיר פון וואַנען נעהמען זיך דיא ביליגע רעק, העטס, פאָרניטושער, שיך, מאַלע וואָס? איהר ווערט אומעדיג, לאַנדסלייט־פּראָלעטאַרישקער? איהר כאַפּט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז? יאָ, אָט פון דעם טאַקי ווערט דאָס אַלץ ביליגער, וואָס מיר, חברה שניידער, שוסטער, קאַפּעלושניקעס, מעבעל מאַכער, ווערען ביליגער... וואָס זשע איז פריהער? די הוהן צו די איי? וואָס ווערט וועלוועלער פון וואָס? דער שניידער פון דעם ראָק, צו דער ראָק פון דעם שניידער?

פאַרשטייט דאָס, וועט איהר קוקען מיט מיינע אויגען אויף דיא באַרגיין־אַר־ווערטייזמענט אין דיא פּייפּערס און אויף מציאה־צעטעלעך אין די פענסטער. איך לייען דאָס איצט גאָר אַנדערס: אַז עס שטייט „ביליגע העטס!" לעז איך „ביליגע קאַפּעלושניקעס"! „סוטס רעדיוסד!" לעז איך: „שניידער רעדיוסד!" און אַזוי וויי־טער און ווייטער. דיא פענסטער מיט בי־ליגע היימאַנס, ביליגע טשאַלים, ביליגע דזשייקס, דזשאָוס, דזשעניס, בעננעלעך, איציקלעך.

ביליג! ביליג! קויפט באַרגיינס! רע־דיוסטע סעמס! פיליפּס דזשאָהנס בחצי חנם! מייקעל, מיימים, זלאַטקעס, חוה'לעך קויפט! קאַט פּרייזעס אויף בענדזשעמינס פּיטערס, דזשאָרדזשעס, טעדים, גבריאַלס, חיענעס, גרשון'דעלעך, אייקעלעך צעהן־יעהריגע פרישינקע, בלוט און מילך, גע־מאַרקט 8 דאָלער, אַרונטער געלאָזען אויף פיער דאָלער מיט זיעבען און אכציג סענט.

געוואַלד וואָס פאַר אַ מציאות! רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ באַרגיינס... לויפט כאַפּט, קויפט... קויפט און פרייט זיך, פּראָלעטאַרשיקער! פרייט זיך, וואָס פאַר אַ מציאות איהר זייט — איהר, אייערע זין און אייערע טעכטער.

אָבער, שאַ.. איך הער אַ בכבודיגען,

געלעהרטען ברום. אָן זיצט א ברייטליבער קאלעדזש פּראָפעסאָר פון פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע און בורטשעט אויף מיין „קוואָרט" איבער דיא ברילען. וואָס? עס איז ניט וויסענשאַפטליך, הערר פּראָפעסאָר? וואו איז דער מיסטייק?

דער הערר פּראָפעסאָר ערקלערט מיט שטאָלץ און מיט איראָניע, אז וואָס ביליגער עס ווערט סחורה, קויפט מען אַלץ מעהר, און אז וואָס מעהר מען קויפט, אַלץ מעהר ארבייט איז דאָ, און אז וואָס מעהר ארבייט עס איז דאָ, אַלץ העכער שטייגט דיא ווייזדזשעס. ווייטער זאָגט דער פּראָ־פעסאָר, אז מען דארף גאָר ניט האָבען קיין שטארקע קליידער אָדער פאָרניטשור אָדער זעטיגע שפּייז, — אז דיא טראָגט מען גיך אויס קויפט מען גלייך אנדערע. אז מען ווערט גיך ווידער הונגעריג, קויפט מען ווייטער שפּייז, — איז דאָ אַלץ נייע ביזנעס אין דער עולם ארבייט און פערדינט און עס איז ליהודים.

קיין פּראָפעסאָר בין איך אָבער ניט. איך בין א פּראָסטער פּראָלעטארישקער „הארבייטורער". איך קען מיט דיא, וואָס טראָגען ברילען און א ברייטען קארק, ניט פּארנעמען זיך אויף א ויכוח. מיין פּראָלע־טארישקער שכל פערשטייט אָבער דעם פּראָפעסאָר'ס דבורים אזוי: סחורה ווערט ביליג, ווייל ארבייטער זיינען ביליג, און ווייל סחורה איז ביליג ווערען ארבייטער טייער. און אָט איז א משל, אויב עס איז נאָך אייך ניט קלאָר. ווען דיא מאַמע האָט חיים'קען געפרעגט ווער עס האָט גע־זאָגט, אז ער האָט איהם אליין אונגעריסן איינגעביסען: אז דיא מאַמע האָט אויסגע־שריען: „גוואלד, ליגנער איינער! וויא האָסטו געקענט דערגרייכען?" האָט חיים'־קע געענטפערט, אז ער האָט זיך געשטעלט אויף א ביינקיל.

איהר פערשטייט? וואָס העכער חיים־קעס שטערען אַלץ העכער איז דאָך חיים־קעס מויל, און אזוי יאָגענדיג זיך קען דיא מויל דעם שטערן דעריאָגען און נאָך איבעריאָגען אויך.

פערשטייט איהר שוין פּאָליטישע עקאָנאָמיע?..

און מכח דיא צווייטע טהייל פון דיא פּראָפעסאָרישע ערקלערונג, איז אזוי: וואָס ביליגער דיא סחורה, אַלץ גיכער ווערט זי אָבגעניצט און אראָפּ פון מארק און אַן אנדערע אויף איהר אָרט. פּראָלעטאריש־קער, מיר זיינען ביליג, מיר ווערען גיך אָב־געניצט און אויף אונזער אָרט נעהמט מען אונזערע פרישינקע קינדערלעך. א מיירע ארויף א מיירע אראָפּ! פרייט זיך פּראָלעטארישקער!

אך!!!

דער פּראָלעטארישקער בעל דברן.



# א שרעקליכער זינגען... א שרעקליכער וויינען.

פון ז. ליבין.

צו יענער צייט האָב איך געוואוינט אין פּאַרסייטה סטריט אין א יארד הייזקע.

דיא הייזקע איז געווען דריי שטיגען הויך. אויף יעדען פלאָאָר איין אַפּאַרטמענט, זאָ דאָס בלויז דריי פאַמיליען האָבען געקענט וואָהנען אין דעם גאַנצען הויז.

איך האָב געוואָהנט אויף דעם ערשטען אָדער וויא מען רופט עס בלשון יענקי, אויף דעם גראַנד פלאָאָר. דער צווייטער פלאָאָר איז געווען צום פּעררענטען און אויף'ן דריטען פלאָאָר האָט געוואָהנט אַן אלטע פּאָר פאָלק, קריסטען.

דער שכן פון דריטען פלאָאָר, א שנעע ווייסער גרייז האָט ערגעץ וואו געאַרבייט אַלס נאַכט וועכטער. אָפּט ווען איך פלעג אוועקגעהן צו דער ארבייט פריהמאָרגענס, פלעג איך איהם בעגעגענען קומען פון זיין ארבייט; זיין פרוי האָט געשיינט צו זיין פיעל עלטער פון איהם, זיא איז געווען א טויבע וויא דיא וואַנד און שוין באַלד מטושטש פון אלטקייט.

דאָס איז געווען א שעהנער זוממער פריהמאָרגען; ביי מיין ארבייט איז געווען סלעק בין איך געזעסען אין דער היים און האָב זיך געשפּיעלט מיט מיין בייבי. מיין פרוי איז אוועק אָנקויפען זאַכען פאַר'ן דינער.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיהר, דאָס איז געווען דער „ערשטער“, איך האָב ערוואַרטעט דעם הערר לענדלאָרד און עס האָט מיר עפּעס א קלאַפּ געגעבען אין הארצען.

וועט איהר דאָך מיינען, אז איך האָב אויף רענט ניט געהאַט, עס הויבט זיך ניט אָן, דיא זעקס דאָלאַר רענט זיינען שוין געווען אָפּגעלייגט און מיין אשת חיל זאָל געזונד זיין, האָט עס געטראָגען אויף זיך אין א קליין בייטעלע אויף'ן האַלז, נור גאָר ניט, מיין קבצן'ישעס הארץ איז שוין געווען אזוי איינגעוואָהנט, אז קוים האָט עס נור דערפיהלט א ריח פון דעם לענדלאָרד פלעגט עס נעבעך פערצאַפּעלט ווערן פאַר שרעק.

עס איז ניט אומזיסט, רבותי, איך האָב שוין אין מיין לעבען, ניט פאַר קיינעם געדאַכט, געהאַט זעהר פיעל טראָבעל מיט דיא לענדלאָרדס!

— קאָם אין! האָב איך געזאָגט, געמאַכט אויף זיך א פריילאַך, לעבעדיג פּנים, עפּעס אזוי וויא עס וואָלט מיר געווען גוט וויא דער גאַנצער וועלט, כדי דער לענדלאָרד זאָל טאַקע גלייך זעהען, אז איך האָב פאַר איהם ווייניג וואָס מורא.

איז אָבער אריינגעקומען ניט דער לענדלאָרד, נור אַן אונבעקאַנטער מאַן...

דאָס איז געווען א קליין־געוויקסיגער דארער איד, עפּעס מיט אזא פעראומערטען, פערצאָגטען פּנים.

— א גוטער מאָרגען אייך — האָט דער מאַן געזאָגט, נאָך שטעהענדיג אין טהיר.

— גוט מאָרגען, גוט מאָרגען האָב איך געענטפערט דיא בעגריסונג זעהר פריינדליך.

דער מאַן איז געבליעבען שטעהן לעבען טיהר, עפּעס אזוי וויא ניט וויסענדיג וואָס ווייטער צו ריידען.

— וואָס גוטס? — האָב איך געפרעגט.

— אָט גאָר נישט, איך וויל דא ביי אייך ווערן א שכן — האָט דער מאַן געענטפערט מיט א לייכטען שמייכעל, און פון דעם שמייכעל האָט זיך מיר אָפּגעדאַכט אז ער וויל גאָר נעהמען וויינען.

— זעהר פיין! — האָב איך געענטפערט.

— א ווײלע האָט ער מיך אָנגעקוקט נאַכהער טהוט דער מאַן ביי מיר א פרעג:

— וואו האָב איך אייך געקענט יע־

הען? איהר דאכט מיר צו זיין עפּעס בעקאנט.

— איך ווייס ניט — האָב איך געזאגט.

— ארבייט איהר ביי הייזקעס?

— איך בין א העמדעל־נייער — האָב איך געלאזט ווייסען מיין טרייד.

— ווייס איך אויך ניט, נו אבער איינס צו איינס איז ניט שייך.

— זיצט — האָב איך אָנגעצייגט דעם מאן אויף א שטוהל.

ער האָט זיך געזעצט און זאגט ווייטער:

— אין אָט דעם הויז זייט איהר איין איד.

— יעס, איינער — האָב איך צוגעגעבען.

— אויפ'ן טאפּ פלאָאר וואוינט אז ערל.

— ריכטיג — האָב איך געענטפערט.

— א וואטשמאן, און ארבייט ביי נאכט?

— אויך ריכטיג.

— זיין ווייבערע איז א טויבע?

— וויא די וואנד.

— און איז שוין עובר בטל פון יאהרען.

— זעהר ריכטיג, — אבער וויא אזוי ווייסט איהר דאס אלץ? — האָב איך נייגעריג געפרעגט.

— דער לענדלארד האָט מיר אלץ דערצעהלט — האָט דער מאן מיטגעטהיילט און איבערבייטענדיג דעם טאָן האָט ער א פרעג געגעבען:

— ארט אייך ניט, איך זאל אהער אריינמופען?

דיעזע זעהר איינפאכע פראגע האָט מיך ווירקליך איבערראשט, אם ערשטען מאָהל אין מיין לעבען האָט זיך מיר געמאכט הערען, אז מען זאל גאר קומען בעטען ערלויבנים ביי א שכן, אויב מען זאָל אריינמופען אין דעם זעלבען הויז.

איבערראשט בין איך געוועזן, דאך האָב איך געענטפערט:

— ערשטענס, וואס איהר ווייסט שוין, בין איך דאך ניט דער לענדלאָרד פון דער הייזקע, און האָב אויף דעם א קנאַפּע דעה...

— זעהט איהר דאך, אז איהר האָט יע א דעה — האָט מיך דער מאן גלייך איבערגעשלאגען — איך קום דאך צו אייך אנפרעגען זיך, הייסט דאך עס, אז איך וויל יע האָבען אייער דעה.

— נו, טא פאר וואס זאל מיך ארען? אדרבה, עס וועט נאָך זיין פרייליכער — האָב איך געזאגט.

דער מאן האָט א שווערען זיפץ געגעבען.

אום אנצופאנגען דעם איבערגעריסענעם געשפּרעך, האָב איך געפרעגט:

— וואס זיפצט א איד?

— עס איז דא ב"ה גענוג צרות אויף וואס צו זיפצען.

— אלזא, ווען מופט איהר צו אונז אריין? — האָב איך ווייטער געפרעגט.

— ווען איהר וועט גארנישט האָבען דאגעגען, וועל איך איה"ש טאקע מארגען אהער אריבערקלייבען זיך.

עס איז מיר ארויף א געדאנק, אז דער מאן טרייבט דאָ עפּעס אזא מין לצנות פון מיר; האָב אָבער געוואָרפען א בליק אויף זיין פנים...

אזוי טיעף ערנסט איז ער געוועזן, אזוי שווער פער'דאגה'ט און פעראומערט.

„ניין, דאס איז ניט קיין שפּאס", האָב איך זעלבסט אפּגעלייקענט מיין פערדאכט און האָב ערנסט געזאגט צו דעם מאן:

— מיסטער לעבען, בנאמנות, איך פערשטעה אייך ניט.

— איך בין א שלעכטער שכן... מען וויל מיך ניט ליידען אין קיין דירה — האָט דער מאן א זאג געגעבען, און ער האָט ווייטער אזוי א שמייכעל געטאָהן, אז מיר האָט זיך צום צווייטען מאָהל בעוויזען, דאס דער מאן וועט זיך צוואויינען.

— וואס האָט מען עפּעס צו אייך? — האָב איך געפרעגט.

— איך בין אן אונרוהיגער שכן... מען קאמפּליינט אויף מיר שטענדיג... און מען יאגט מיך ארום פון דירה צו דירה וויא א ווילדע חיה.

— האָט איהר א סך קינדערלעך? — האָב איך געפרעגט.

— גאר ניט — האָט דער מאן געענטפערט, און זיין פעראומערטער פנים האָט זיך בעצויגען מיט א שווערען וואָלקען....

— טא פאר וואס וויל מען אייך ניט ליידען? — האָב איך נייגעריג און,

איך בין זיך מודה, אויך אביסעל פער־דעכטיגט אנגעקוקט דעם מאַן.

— איך... איך האָב, ניט פאר קיינעם געדאכט, א קראנקע, אַן אונגליקליכע פרוי.....

— נו, איז וואס האָט מען צו אייך?

— וויל מען זיא ניט ליידען...

— פאר וואס?

— זיא איז אונרוהיג...

— אונרוהיג? — האָב איך איבער־געפרעגט.

— אַזוי איז זיא שטיל, וויא אַ שטילע וואסער... נור זיא זינגט...

— זיא זינגט?

— דאס איז אַ שרעקליכער זינגען... גאָט זאָל מציל זיין פון אַזא זינגען — האָט דער מאַן געזאָגט און אין זיינע אויגען האָב איך בעמערקט אַ פּלוצליכען שרעק...

— איך פערשטעה ניט — האָב איך געדריקט מיט דיא פּלייצעס..

— איך וועל אייך אַלעס דערצעהלען — האָט דער מאַן געזאָגט, האָט אָפּגערוהט אַ ווייקע, אייניגע מאָהל אַ שווערען זיפץ געגעבען, און ער האָט גענומען ריידען מיט אַ שטילער, וויינענדער הערצרייסענדער שטיממע:

— אַ געשטראפטער בין איך... שווער שווער און ביטער האָט מיך גאָט געשטראפט... און שטראפט מיך עד היום... איין קינד איז ביי מיר געווען... אַ זוהנעלע... צעהן יאהר אַלט געווען... אַ מלאך'ל איז דאס געווען... אַ מלאך'ל פון הימעל... אַ קול'כעלע האָט ער געהאַט פון אַ קאַנאַריק... האָט מיין קינד גענומען זינגען פלעגט ווערען ליכטיג אין דיא אויגען... עס האָט געמעגט זיין וויא ביטער אויף'ן הארצען... האָט מיין זוהנעלע גענומען זינגען... אויס, אויס צרות, אַלעס פערגעסען... אויס שאַפּ, אויס באַסעס... אויס פאָרמאַן... אויס נעה־מאַשינע... אויס סטרייק... אַ גן עדן... דער הימעל עפענט זיך... שכנים פלעגען זיך אַרומקלייבען... אין דעם גאַנצען איירשאַפּט פלעגט ניט בלייבען איין פענסטער אַ פערמאַכטע... אַלע האָבען האָלט געהאַט צו הערען מיין בערקעלעס זינגען... אַן אַנדערש מאָהל פלעגט דיא מאַמע איהם העלפען... זיא האָט אויך אַ גאַנץ פיינע שטיממע... און גאַנץ לודלאָוו סטריט פלעגט זיך צוזאַמענקלייבען אַרום דער בילדינג, וואו מיר האָבען געוואוינט...

לייט האָבען מיר אַ'ן עצה געגעבען, איך זאָל מיין קינד אין דערהיים ניט האַלטען... איך זאָל וועגען איהם לאָזען וויסען דער וועלט און מען וועט פון איהם שוין מאַכען אַ לייט... האָב איך דאָס אַלץ אָפּגעלייגט און אָפּגעלייגט. עס איז שטענדיג ניט אין קאָפּ געווען... איך בין דאָך אַ פינסטערער אָפּרייטאָר ביי הייזקעס און נאָך צו דעם אַ שוואַכע, „סלאַיע" האַנד... תמיד געווען אויף גרויסע צרות... יוניאָן... סטרייקס... ביזי... סלעק... שטענדיג דער קאָפּ פערזאָרגט... פער'דאגה'ט... האָב איך עס אַלץ אָפּגעלייגט... דערווייַלע איז מען דאָך גרויסע אביונים... פלעגט ער צושטייער אויף אַ בגד'ל ביי מיר פעדלען פאַרנאַכט מיט צייטונגען... אַ שוואַכע קינד איז ער געבעך שטענדיג געווען... נו, איהר ווייסט דאָך, וואָס פאר אַ מין טהייערען ווינטער מיר האָבען האַיאָהר געהאַט... אַזעלכע שטורעמס... קעלטען... שנעען... זאַווערוכעס... מיין קינד האָט זיך צוגעקיהלט, וועה און ווינד איז מיר געשעהען! וואָלט מען זיך גלייך אַ וואָרף געגעבען צו דאָקטוירים, וואָלט מען איהם געראַטעוועט... נו, בין איך דאָך אַ בלוטיגער ארים־מאַן... האָט מען קודם געטרייט באַבסקע רפואות. היימעשע מיטלען... ביז מען האָט עס פערלאָזען... נאכדעם האָב איך שוין געבראַכט ניט איין דאָקטאָר... עס זיינען געווען דריי דאָקטוירים... געווען איין דאָקטאָר גאָר אַ גרויסער, צוויי דאָלאַר אַ וויזיט האָב איך געצאָהלט... עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. צוויי טעג פאר פורים האָט ביי מיר גאָט אַוועקגענומען מיין טהייערען זינגערל... מיין קאַנאַריקיל... איז אויסגעגאַנגען ביי מיר אויף דיא הענד...

טרעהרען אין האַלז האָבען איבערגעריסען דעם מאַן'ס ריידען... ער איז אַ ווייַלע אַנשוויגען געוואָרען...

איך האָב געפיהלט דעם מאַן'ס ביטערען וועהטאָג... איך בין אויך אַ פאָטער, וועלכער האָט שוין געפרואווט אַ קינד בעגראָבען... איך האָב מיט עפּעס געוואָלט אויסדריקען מיין טיעפסטע סימפּאַטיע מיט דעם פעראונגליקליכסטען פאָטער... איך האָב אָבער ניט געפונען דאַפיר קיין ווערטער און איך ווייס אַליין ניט

צו וואָס איך האָב עס געטהאָן, נור איך האָב אַ פראַג געטהאָן:

— איך בעט אייך, קען איך וויסען אייער נאָמען?

— שמשון, אַן אָפּרייטאָר ביי הייז־קעס — האָט דער מאַן געענטפערט מייז פראַגע, און ער האָט פאָרטגעזעצט זיין טרויעריגע ערצעהלונג.

— מיין פרוי, מערע הייסט זיא, האָט זעהר האָלט געהאַט אונזער זוהנעלע, עס איז ניט שייך צו זאָגען, יעדער מאַמע האָט דאָך האָלט איהר קינד. און אַז דיא קינד איז איינע איז דאָך געוויס ניטאָ וואָס צו ריידען... אָבער דאָ איז דאָס געווען אַ מאָדנער האָלט האָבען... וויא איך זאָל אייך ניט דערצעהלען, וועט איהר דאָס גאָר ניט קענען פערשטעהן... משוגע איז זיא געווען פאר איהם... אָהן זיננען... אָהן אַ מוח... דער גאַנצער לעבען... דיא נשמה. דיא גאַנצע וועלט... זיא האָט פאר גאָר נישט געקערט... ניט פאר אַ בגד, ניט פאר עסען... גאָרנישט... נאָרנישט... בער־קע איז געווען דיא גאַנצע וועלט... היינט פאר זיין זינגען... אויסגעהן פלעגט זיא פאר זיין זינגען... אויסגעהן וויא אַ ליכט... פלעגט דאָס קינד נעהמען זינגען, פלעגט אויף איהר נעהמען רוהען דיא שכינה... איהר האַרץ פלעגט אויסגעהן... עס איז געווען קענטיג נאָך דיא אויגען... אַז דיא נשמה ברענט ביי איהר... אַן אַנדערש מאָהל פלעגט זיא איהם העלפען זינגען... און אַן אַנדערש מאָהל פלעגט זיא וויינען פון זיין זינגען... קורץ גערעדט... אַ שוואַ־כע איז זיא זעהר אַ שוואַכע... נו, קענט איהר שוין פערשטעהן וואָס פון איהר איז געוואָרען, ווען מיין בערקע איז ביי אונז אוועקגענומען געוואָרען... אויס מענש.. אויס, ניטאָ מעהר קיין מערי... אַ צייט איז זיא געווען אַ מיטושטעשע... שטיל... נעווער אַ וואָרט אויסגערעדט... ניט צו מיר, ניט צו קיינעם אין דער וועלט ניט... נור וויינען פלעגט זיא, וויינען טעג און נעכט... איך וויים גאָר ניט, וואו האָט דיא פרוי גענומען אזוי פיעל טרעהרען... קוואַ־לען, קוואַלען, זאָג איך אייך.. נו, קורץ גערעדט, זיא האָט ניט פאר קיינעם גע־דאכט יעצט אַ מאָדנע חולאת געקראָגען.. אַן אַנדערש מאָל שפעט אין דער נאַכט, שטעהט זיא אויף פון בעט... געהט אריין אין דעם אַנדערן חדר, זעצט זיך אוועק אין ראָקינג טשער... און נעהמט זינגען... פון שלאָף טהוט זיא דאָס... וואָרום אַז איך הויב זיך ביי איהר אָן בעטען, זיא זאָל סטאָפּען, טהוט זיא זיך אַ כאַפּ, דער־שרעקט זיך, ווערט בלייך וויא אַ טויטע... און נעהמט וויינען... פון שלאָף טהוט זיא דאָס... זיא זינגט דיא זעלבע נגונים, וואָס מיין קינד פלעגט זינגען... און זיא זינגט אזוי מאָדנע... דאכט זיך איהר קול איז ניט איהר קול... אזוי שרעקליך... עס גיט מיך אָב מיט קעלט... נו, עס איז דאָך אַמעריקע, מען וואוינט דאָך אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ, ווילען שכנים ניט ליידען... מען פערשטעהט, אַז דאָס איז ניט אַ גלאַטער זינגען... רחמנות איז דאָך דאָ ניטאָ, נו, קאָמפּליינט מען... און מען מאַכט מיר צו מופען... און איך האָב קיין אָרט ניט... יעצט האָב איך זיך מישב געווען... אַלץ פאָראויסזאָגען... דערצעהלען דעם לענד־לאָרד... דערצעהלען דיא שכנים... אָנ־פרעגען פריהער און איך זאָל שפּעטער קיין טראָבל ניט האָבען... איך האָב געזוכט אַ דירה, וואו עס זאָלען זיין וואָס וויי־ניגער שכנים... איך זאָל דארפען וואָס וויניגער אָנפרעגען זיך... האָב איך געפּו־נען אָט דאָ... ביי דעם ערל וויא איך זעה שוין איז ניטאָ וואָס נאָכצופרעגען זיך... דעם לענדלאָרד אָרט ניט... ער האָט מיר געזאָגט פליין און אָפען, אַז זיא מעג זינגען און וויינען כאָטש דורכ'ן מעת לעת... נור רענט זאָל איך צאָהלען אין דער צייט... בלייבט איהר נור... איינער...

— וועגען דעם דארפט איהר גאָר ניט ריידען — האָב איך איבערגעשלאָגען שמשון דעם אָפּרייטאָר — נור זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָרום געהט איהר ניט מיט אייער פרוי צו אַ דאָקטאָר?

— איך קען ביי איהר ניט פועל'ן, זיא וויל ניט — האָט שמשון געענטפערט קורץ און שאַרף.

— אָבער איהר מוזט דאָך עפּעס טהאָן, מיסטער שמשון.

— איך אַליין האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי פיעלע דאָקטוירים, זאָגט מען מיר, אַז מען דארף זיא אוועקגעבען עפּעס אין אַן אַנשטאַלט... איך קען ניט... איך קען ניט... אַ שוואַכע איז זיא... אַן אָרימע... מען וועט זיא דאָרטען פערמאַטערען... אוי, עס פערטראָגט מיר מיין האַרץ ניט... טרעהרען האָבען ווייטער איבערגעג־

ריסען דעם מאַן'ס ריידען... איך טרעהרען האָבען מיך געשטיקט.

— וויפיעל צאָהלט איהר דאָ רענט?

— האָב איך געפרעגט אום איבערצובייטען דעם געשפרעך.

— אכט דאָלאַר.

— וויפיעל?

— אכט דאָלאַר...

— עס קען ניט זיין. דאָ דאַרף מען ניט צאָהלען מעהר פון זעקס. איך צאָהל זעקס, דער קריסט טאָפּ פלאָאר צאָהלט אויך ניט מעהר פון זעקס — האָב איך געלאָזט וויסען דעם מאַן, אז דער לענדלאָרד בעשווינדעלט איהם.

— זאָל ער זיך ווערגען — האָט שמשון געענטפערט — ער נעהמט ביי מיר עקסטראַ צוויי דאָלאַר פאַר מיין אונגליק... מיך ארט ניט, אבי איך זאָל קיין טראָבעל ניט האָבען...

* * *

אויף מאָרגען האָב איך ארבייט געהאַט און ווען איך בין געקומען פון שאָפּ האָט מיין פרוי מיר געזאָגט:

— מיר האָבען דאָ א נייען שכן.

איך האָב מיין פרוי ניט דערצעהלט וועגען דעם וויזיט פון שמשון דעם אפּרייטאָר צו מיר: זייט מיין קינד איז געשטאָרבען איז מיין פרוי זעהר נערוועז און אזעלכע געשיכטען מאַכען איהר קראַנק.

— אזאַ שטילע פּאָאָר פאָלק — מאַכט ווייטער צו מיר מיין ווייב.

— האָסט זיי געזעהען? — פרעג איך.

— יעס... אויף דער פרוי איז א שרעק א קוק צו געבען, בלאַסס וויא א טויטע... עפּעס אזאַ שטילע... מיט אויסגעוויינטע... אָבער אזעלכע ביסטרע אויגען...

איך האָב א שוידער געטהאָן...

דיא נאַכט האָב איך מיט אן אויג ניט צוגעמאַכט... שפּעט אין דער נאַכט... ווען אַלעס האָט ארום און ארום געשלאָפען... האָב איך דערהערט... איהר זינגען...

איך האָב דערפיהלט, אז ביי מיר האָבען זיך דיא האָאר פון'ם קאָפּ גענומען הויבען.

זיא האָט געזונגען שטיל... שטיל... הערצרייסענד... אָבער פּלוצלונג איז איהר זינגען געוואָרען העכער... ווילדער... עס האָט מיך גענומען ווארפען אין קעלט...

נאָכהער האָב איך דערהערט וויא ער — שמשון וועקט זיא... איך האָב ארויסגערוקט דעם קאָפּ פון פענסטער און איך האָב געהערט וויא ער זאָגט:

— מערי, מערעלע... האָב רחמנות, סטאָפּ!...

עס איז שטיל געוואָרען אויף א ווײַלע...

באַלד האָב איך דערהערט איהר וויינען...

א שרעקליכער זינגען...

א שרעקליכער וויינען...



מאַן: מיר האָט זיך היינטיגע נאַכט גע'חלום'ט א מאָדנער חלום, אז איך בין געזעסען אין א קעלער און האָב געריבען חריין.

ווייב: דאָס איז א סימן אז עס וועט דיר זיין פינסטער און ביטער.

---

— א גורל ווארפערקע האָט היינט מיר געזאָגט אן אמת.

— וויא אזוי?

— זיא האָט מיר צוערסט געזאָגט אז איך וועל פעהליערען געלד און איך האָב נאָכהער איהר געגעבען א דאָלאַר.

ארויסגעשלעפּט.

אייק: פון וואַנען גייסטו דאָס, מייק?

מייק: (ארומגעבונדען דאָס געזיכט און קרעכצענדיג) פון דענטיסט גיי איך. אַ אַ צאָהן מאַכט מיר דעם טויט!

אייק: נו, האָט ער ארויסגעשלעפּט?

מייק: יעס, א דאָללאַר־ביל.

---

יונגער לאָיער: יור האָנאָר, מיין קליענט פערלאַנגט א ביסעל צייט....

דזשאַדזש: אָלל־רייט, איך וועל איהם געבען א האַלב יאָהר... אין טורמע.

# זעקס און צוואַנציג און איינע.

א פּאָעמע. פון מאקסים גאָרקי.

איבערזעצט פון א. ליעסין.



מיר זיינען געווען זעקס און צוואנציג מענשען — זעקס און צוואנציג לעבעדיגע מאַשינען, פערשפּארט אין א פייכטען קעלער, וואו מיר האָבען, פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין אבענד, געקנאָטען טייג און געמאַכט דערפון בייגעל.

דיא פענסטער פון אונזער קעלער זיינען ארויסגעקומען אין א גרוב. זיי זיינען בעשיצט געווען פון דרויסען מיט דיקע אייזערנע גראטעס, פון אינעווייניג זיינען די שויבען פערדעקט געווען מיט א געדיכטען שטויב פון מעהל און דער שיין פון טאָג האָט זעהר שוואַך דורכגעדרונגען צו אונז. אונזער בעל הבית האָט פערשלאָגען דיא פענסטער מיט אייזען, כדי מיר זאָלען ניט קענען געבען א שטיקעל ברויט צו א בעטלער אָדער צו יענע פון אונזערע קאָמעראדען, וועלכע זיינען ליידיג געגאַנגען אָהן ארבייט און האָבען דארום געהונגערט. אונזער בעל הבית פלעגט אונז אָנרופען זשוליקעס און פלעגט אונז געבען צו מיטאַג, אַנשטאַט פלייש — פערשידענע טוכלע אָבפאַל...

אונז איז געווען ענג און דושנע אין דער שטיינערנער טיורמע, אונטערן נידעריגען און שווערען באַלקען, וועלכער איז געווען שווארץ פון סאזשע און שפּינוועבס. אונז איז געווען שווער און אונערטרעגליך צווישען דיא דיקע, שמוציגע, פערשימעלטע ווענט. פינף א זייגער אין דער פריה פלעגען מיר שוין זיין אויף דיא פיס, און — ניט אויסגערוהטע, טעמפּע, פוילע — פלעגען מיר זיך נעהמען צו דער ארבייט. און דעם גאַנצען טאָג, ביז צעהן א זייגער אין אבענד, פלעגען אכטצעהן פון אונז זיצען ביים טיש, אויפדרעהענדיג אין דיא הענד דעם קלעפּיגען טויג, אונטערשאָקלענדיג זיך, אום ניט אָפּגעחלש'ט צו ווערן, ווערהרענד דיא איבעריגע פלעגען פערפערטיגען פאר אונז דעם טויג.

און אין קעסעל, וואו עס פלעגען זיך קאָכען דיא בויגעל, פלעגט דעם גאַנצען טאָג זומען, טרויעריג און פערטראַכט, דאָס זידענדע וואסער, און דיא לאָפּעטע פון דעם בעקער פלעגט זיך אַרומשאַרען, בייזן און געשווינד, איבערן פּאָד פון אויווען, ווארפענדיג דיא אויסגעקאָכטע שטיקלעך טויג אויף דיא הייסע ציגעל. אין איין זייט אויווען פלעגט אימער ברענען האָלץ, און דער רויטער אָבשיין פון פלאם פלעגט שימערן און אומדרעהען זיך אויפן וואנד, אזוי וויא ער וואָלט זיך שטומערהייט רייצען און לאכען פון אונז. דער גרויסער אויווען איז געווען עהנליך צו א משונה'דיגען קאָפּ פון אַן אונגעהייערער חיה, — ער האָט זיך אזוי וויא ארויסגערוקט פון אונטער דער פּאָדלאָגע, האָט אויפגעעפענט א שרעקליכען מויל, פול מיט פלאם פייער, און האָט געאטהעמט אויף אונז מיט היטץ און געקוקט אויף אונזער אונענדליכער ארבייט מיט צוויי טיעפע לופטלעכער אויפן שטערן. דיזע צוויי לופטלעכער זיינען געווען אזוי וויא אויגען — גלייכגילטיגע, אָהן רחמנות'דיגע: זיי האָבען אימער אויף אונז געקוקט מיט זייער דונקעלען בליק, אזוי וויא זיי וואָלטען שוין מיעד געווען אָנצוקוקען דיא אייביגע שקלאפען, פון וועלכע מען קען גאָרנישט מענשליכעס ערוואַרטען, און זיי האָבען אונז פעראכטעט מיט דער קאַלטער פעראכטונג פון א פילאָזאָף.

אין געדיכטען מעהלשטויב, אין בלאָטע, וועלכע מיר פלעגען אנשלעפּען אויף דיא פיס פון הויף, אין הייסער, שווערער שטיקענדער לופט, טאָג איין, טאָג אויס, פלעגען מיר אלץ דרייהען דעם טייג און מאַכען בויגעל, בענעצענדיג זיי מיט אונזער שווייס. און מיר האָבען געהאַסט אונזער ארבייט מיט א ברענענדען האַס, און מיר האָבען קיין מאָהל ניט געגעסען דאַס, וואס איז ארויסגעקומען פון אונזערע הענד; מיר פלעגען בעסער עסען שווארצען ברויט. זיצענדיג ביי'ן לאַנגען טיש, איינער געגען צווייטען,—ניין געגען ניין,—פלעגען מיר אין פערלויף פון לאַנגע, לאַנגע שטונדען מעכאַניש בעוועגען מיט דיא הענד און דיא פינגער, און מיר זיינען שוין אזוי געוואָהנט געווען צו אונזער ארבייט, דאס זיא איז שוין געגאַנגען אזוי וויא פון זיך אליין. און מיר האָבען זיך שוין אזוי פיעל אָנגעקוקט איינער דעם צווייטען, דאס יעדער פון אונז האָט געוואוסט אלע קנייטשען אויף דיא געזיכטער פון דיא איבעריגע. מיר האָבען ניט געהאַט וועגען וואס צו ריידען, מיר זיינען דערצו געוואָהנט געווען און מיר האָבען שטענדיג געשוויגען, אויב נור מיר האָבען זיך ניט געזידעלט — ווארום אימער געפינט זיך פאר וואס א מענשען אָנצוזידלען, און בעזאנדערס א קאַמראד. מיר האָבען זיך אבער זעלטען געזידעלט—וויא קען מען אויף א מענשען אָנפאַלען, ווען ער איז האַלבלעבעדיג, ווען ער איז אזוי וויא א גולם, ווען אלע זיינען חושים דערשטיקט פון א קאטארזשנער ארבייט? דער שווייגען איז אבער שווער און שמערצליך בלויז פאר יענע, וועלכע האָבען אלעס שוין אויסגערעדט און האָבען מעהר ניט וואס צו ריידען; נור פאר מענשען, וועלכע האָבען נאָך גארניט אָנגעפאַנגען זייערע רעדען, — פאר זיי איז דער שווייגען איינפאַך און גרינג...

אָפטמאָהל פלעגען מיר אויך זינגען, און אזוי פלעגט זיך דאס אָנפאַנגען אונזער געזאַנג: אין מיטען דער ארבייט, פלעגט איינער מיט אַמאָהל א קרעכץ טהאָן, מיט דעם קרעכץ פון א פערמאַטעטערטען פערד, און ער פלעגט אָנפאַנגען שטילענקערהייט איינעם פון יענע ליעדעלאך, וועמעס טרויעריגער ניגון פערגרינגערט אימער דיא שווערקייט פון דער נשמה. איינער פון אונז זינגט, און מיר הערען צו שווייגענד זיין איינזאַמעס ליעד, און זיין ליעד שטיקט זיך און גייט אויס אונטערן שווערען באַלקען פון קעלער, אזוי וויא דער קליינינקער פייערל פון א האָליץ־הויפען אין דיא סטעפּעס ווען דער דונקעל גראָהער הימעל פון פייכטען הערבסט־אבענד היינגט איבער דער ערד, אזוי וויא א בלייערנער דאך. נאכהער שטייט צו צום זינגער א צווייטער, און צוויי שטימען שטיל און ביינקענד, שווימען אין דער שטיקעניש פון אונזער ענגער גרוב. און פלוצלונג כאַפּען אונטער דאס ליעד איניגע שטימען מיט אמאָהל — און אזוי וויא א כוואַליע קאַכט אויף דאס ליעד, עס ווערט אלץ שטאַרקער, העכער; עס דוכט זיך, אזוי וויא דיא פייכטע, שווערע ווענט פון אונזער שטיינערנער טיורמע וואלטען פאנאנדערגערוקט געווארען.

עס זינגען אלע זעקס און צוואַנציג; דיא הויכע, לויז געלאָזענע שטימען פילען אָן דעם קעלער; דאס ליעד פיהלט זיך ענג אין איהם: עס שלאָגט זיך דאס ליעד אָן דעם שטיין פון דיא ווענט, עס קרעכצט, עס וויינט און ריהרט אויף דאָס הארץ מיט א שטילען ציהענדען ווייטאג, עס רייצט אויף אלטע וואונדען, עס וועקט אויף אָן אומעט... דיא זינגער קרעכצען, טיעף און שווער. איינער רייסט אָפּ פּלוצלונג זיין ליעד און לאַנג־לאַנג הערט ער זיך צו, וויא עס זינגען זיינע קאַמעראדען, ביז וואַנען ער גיסט ווידער אריין זיין שטימע אין דער אלגעמיינער כוואַליע. אָן אנדער קרעכצט ארויס: „אָך!“ און זינגט ווידער; און מעגליך אז די ברייטע, געדיכטע כוואַליע פון קלענגע שטעלט זיך איהם פאר אלס א וועג אין דער גרויסער, פרייער וועלט, א ברייטער וועג, וועלכער איז פערגאָסען מיט זאָנען שטראַהלען, און ער זעלבסט זעהט זיך דארט גייהענדיג...

און דער פלאַם פלאַטערט אלץ אין אויווען, דיא לאָפּעטע פון בעקער שאַרט אלץ איבערן ציגעל, דאס וואַסער זומט אלץ אין קעסעל, און דער אָבשיין פון דעם פלאַם אין אויווען שימערט נאָך אלץ ארום אויפן וואַנד, רייצענדיג זיך שטומערהייט מיט אונז און לאַכענדיג פון אונז... און מיר זינגען אויס מיט פרעמדע, ניט אונ־

זערע ווערטער אונזער טעמפּען שמערץ, דעם שווערען אומעט פון לעבעדיגע מענ־שען, וועלכע זיינען בערויבט פון דעם שיין פון דער זונן, דעם אומעט פון שקלאַ־פען.

אזוי האָבען מיר געלעבט, אלע זעקס און צוואַנציג, אין קעלער פון א גרויסען מויער, און עס איז אונז געווען אזוי שווער צו לעבען, אזוי וויא אלע עטאַזשען פון גרויסען מויער וואלטען אויפגעבויט געווען געראַדע אויף אונזערע פּלייצעס...

---

מיר האָבען אבער געהאַט אויסער דעם זינגען, נאָך עטוואַס גוטעס און טריי־סטענדעס, וואס האָט אונז פערגניגען פערשאַפט, וואס מיר האָבען ליעב געהאַט. דיא זונן איז פון אונז פערשטעלט געווען, אָבער דאָס, פיליכט, האָט געשיינט, אזוי וויא דיא זונן.

אויף דער צווייטער עטאַזשע פון אונ־זער הויז איז געווען א שמוקלעריי, און דאָרט, צווישען דיא פיעלע שמוקלער מיידלאך, האָט געוואָהנט דיא זעכצעהנ־יאָהריגע דיענסטמיידעל טאַניא. אין פאָר־הויז פון קעלער, ביי׳ן טהיר־פענסטערל, פלעגט זיך יעדען מאָרגען בעווייזען א קליינינקער, שייננקער פנים׳ל מיט בלאָ־הע, פריילעכע אויגעלאך, און א קלינגענ־דע, פריינדליכע שטימע פלעגט אונז בע־גריסען:

— א גוטען מאָרגען, אַרעסטאַנט־לאַך! גיט א ביסעלע בויגעל!

אויף דיעזער גוט בעקאַנטער שטימע פלעגען מיר זיך אלע אפרופען; פריילעך און גוטמוטהיג האָבען מיר געקוקט אויף דעם ריינעם מיידעלשען פנים, וועלכער האָט צו אונז ליעבליך געלאַכט. אונז איז געווען אנגענעהם צו זעהן דעם קליין נע־זעל צוגעדריקט צום גלאָז פון פענסטערל, דיא ראָזע ליפּען, וועלכע האָבען זיך גע־עפענט מיט א שמייכעל און אַרויסגע־וויזען א רייהע ציינער, וויא דיא פּערעל. שטויסענדיג איינע דיא אנדערע, פלעגען מיר זיך א וואַרף טהאָן צו עפענען איהר דיא טהיר, און א פריילעכע, א שמייכלענ־דע, א ליעבליכע, פלעגט זיא אריינקומען, פערבויגענדיג דעם קאָפּ אָן א זייט און אויסשטעלענדיג דעם פאַרטוך. מיר שמו־ציגע, פינסטערע, צוקאַליעטשעטע מענ־שען, קוקען אויף איהר פון אונטען אַרויף,

— דער שוועל פון טיהר איז העכער פון דער פּאָדלאָגע אויף פיער טרעפּען, — מיר קוקען אויף איהר, אויפהויבענדיג דיא קעפּ, און בעגריסענדיג איהר מיט א גו־טען מאָרגען, זאָגען איהר עפּעס מאָדנע גוטע ווערטער, זיי געפינען זיך ביי אונז נור פאר איהר. ווען מיר ריידען מיט איהר, ווערען אונזערע שטימען ווייכער און עס לאַכט זיך גרינגער. פאר איהר האָבען מיר — אלץ עטוואס בעזאנדערעס. דער בעקער נעהמט אַרויס א לאָפּעטע פון דיא שעהנ־סטע בויגעל און וואַרפט עס געשיקט אריין צו איהר אין פאַרטוך.

— קוק נור, דער בעל הבית זאָל דיר ניט דערזעהן! — וואָרנען מיר איהר. זיא לאַכט געשייט, פריילעך אויסשריי־ענדיג:

— א גוטען טאָג, אַרעסטאַנטלאַך!

— און פערשווינדט לייכט און געשווינד, וויא א מייזעל.

און דאָס אַלעס... אבער נאָך איהר אוועקגיין פלעגען מיר נאָך לאַנג האָבען צו ריידען וועגען איהר — אלץ דאס זעל־בע, וואס מיר פלעגען ריידען געסטערן און נאָך פריהער, ווארום — און זיא, און מיר, און אַלעס אַרום אונז איז געווען דאָס זעלבע וואָס געסטערן און נאָך פריהער... עס איז זעהר שווער און שלעכט, ווען א מענש לעבט, און קיין זאַך אַרום איהם בייט זיך ניט אום, און אויב דאס דער־שלאָגט ניט זיין נשמה אויף טויט, איז אלץ שווערער פאר איהם, וואָס לייננגער ער לעבט איבערצוטראַגען דיא אַרומיגע אונבעוועגליכקייט... מיר פלעגען אימער ריידען וועגען פרויען אזוי, דאָס צייטענ־ווייז פלעגט אונז זעלבסט עקלען פון אונ־זערע גראָבע און שענדליכע רייד, און דאָס איז פערשטענדליך ווייל דיא פרויען, וועלכע מיר האָבען געקענט, זיינען אפשר אנדערע רייד ניט ווערטה געווען. וועגען טאַניא׳ן האָבען מיר אָבער קיין מאָל קיין געמיינעם וואָרט ניט אַרויסגערעדט; קיין מאָל וועגען איהר קיין שלעכטען וויץ ניט געזאָגט, קיינער האָט זיך קיין מאָל ניט ערלויבט איהר אַנצוריהרען. מעגליך, אז דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זיא איז קיין מאָל מיט אונז לאַנג ניט פערבליע־בען: זיא פלעגט געבען א בלישצע אין דיא אויגען, אזוי וויא א שטערען, וועל־כער פאַלט אַרונטער פון הימעל, און

פלעגט גלייך פערשווינדען; מעגליך אויך דערפאר, ווייל זיא איז געוועזן א קליינינקע און זעהר א שיינע, און פאר אלץ וואס איז אמת שיין, האבען דרך ארץ אפילו דיא גראבסטע מענשען.

און נאך עפעס — אבוואהל דיא קאטארזשנע ארבייט האט אונז געמאכט פאר טעמפע אקסען, זיינען מיר דאך פערבליעבען ביז א געוויסען גראד מענשען; אלס מענשען האבען מיר ניט געקענט לעבען, אום ניט אימיצען צו פערגעטערן, אום ניט פאר אימיצען צו בוקען זיך. בעסער פאר איהר — איז ביי אונז ניט געוועזען, און אויסער איהר האט קיינער זיך ניט אומגעקוקט אויף אונז — אויף אונז, פערשטויסענע מענשען, וועלכע זיינען בעגראבען געוועזן אין קעלער, — קיינער ניט, וועהרענד אין דעם גרויסען מויער האבען געוואהנט פיעלע צעהנדליגע מענשען. מיר האבען אנגענומען פאר א פפליכט צו געבען איהר הייסע בויגעל, דאס איז פאר אונז געווארען א טעגליכער אפפער צו א געטין, דאס איז פאר אונז געווארען א הייליגע צערעמאניע, וועלכע האט אונז נאך מעהר בעפעסטיגט צו איהר. אויסער בויגעל פלעגען מיר איהר געבען אויך פיעלע און פערשיעדענע עצות — ווארימער זיך קליידען, ניט לויפען אויף דיא טרעפ, ניט טראגען שווערע משאות. זיא פלעגט אויסהערען אונזערע עצות מיט א שמייכעל, פלעגט אונז ענטפערן מיט א געלעכטער און פלעגט אונז קיין מאל ניט פאלגען. מיר האבען זיך אבער אויף דעם ניט בעליידיגט: מיר האבען נור געדארפט איהר ווייזען, אז מיר זארגען זיך וועגען איהר.

אפט פלעגט זיא זיך צו אונז ווענדען נאך פערשיעדענע דיענסטע, צו עפענען א שווערע טהיר, אנצוהאקען האלץ און עהנליכעס, און מיר פלעגען אימער מיט פרייד, זאגאר מיט א מין שטאלץ, טהאן אלץ, וואס זיא פלעגט פון אונז פערלאנגען.

אבער ווען איינער פון אונז האט איהר געפרופט בעטען פעררייכטען איהם דאס איינציגע העמד, וועלכע ער האט געהאט, האט זיא איהם געענטפערט מיט א פערעכטליכען שמייכעל:

— נאך וואס! וויא וועל איך עס טהאן!...

מיר האבען אלע חוזק געמאכט פון דעם שלים מזל און — קיין מאל האבען מיר שוין ביי איהר גארנישט געבעטען. מיר האבען איהר ליעב געהאט — דערמיט איז שוין אלץ געזאגט געווארען. א מענש וויל שטענדיג אוועקלייגען אויף אימיצען זיין ליעבע, מעג ער זיך יענעם דערמיט שטיקען, בעשמוצען, ער מעג זיך יענעם פערגיפטען דעם לעבען מיט זיין ליעבע, ווארום, ליעבענדיג, צאהלט מען ניט קיין אכטונג צו דעם געליעבטען. מיר האבען געמוזט ליעבען טאניא'ן, ווייל מיר האבען ניט געהאט קיין אנדערען, וועמען ליעב צו האבען.

אמאל פלעגט איינער פון אונז פלוצלונג זיך נעהמען בעקלערען:

—און פאר וואס צולאזען מיר דאס אזוי דיא מיידעל? וואס האבען מיר עס אין איהר געפונען אזוינס? עפעס שוין צופיעל עסק'ן מיר זיך מיט איהר!

דעם מענשען, וועלכער האט זיך ענטשלאסען אזעלכע בעמערקונגען צו מאכען, פלעגען מיר איינס און צוויי גראב און גיך שטיל מאכען — מיר האבען געמוזט אירגענד וועמען ליעבען. און דאס, וואס מיר, זעכס און צוואנציג האבען געליעבט, האט געמוזט זיין פאר יעדען איינעם א הייליגטהום, און יעדער, וועלכער איז אין דעם געגאנגען געגען אונז, — איז אונזער פיינד געוועזן. מיר ליעבען, מעגליך, ניט דאס, וואס איז ווירקליך גוט, אבער מיר זיינען דאך — זעכס און צוואנציג, און דארום פערלאנגען מיר, אז דאס, וואס פאר אונז איז טהייער, זאל זיין הייליג פאר יעדען.

אונזער ליעבע איז ניט וועניגער שווער וויא אונזער האס... און מעגליך, אז דארום טאקע בעהויפטען מאנכע בעלי גאוה, דאס מיט אונזער האס קען מען זיך מעהר איבערנעהמען, וויא מיט אונזער ליעבע... אבער ווארום אנטלויפען זיי פון אונז, אויב עס איז אזוי?

---

אונזער בעל הבית האט געהאט אין דעם זעלבען הויז א בעקעריי, וואו מען פלעגט באקען זעמעל. דיא זעמעל מאכער—זיי זיינען פיער געוועזן—האבען גערעכענט אז זייער ארבייט איז ריינער פון אונזערע, און דארום האבען זיי זיך געהאלטען פאר בעסערע מענשען. זיי האט־

בען מיט אונז ניט געהאַט קיין מגע ומשא און פלעגען שפּאָטיש אונטערשמייכלען, ווען זיי פלעגען אונז בעגעגענען. מיר פלעגען צו זיי אויך קיין מאָל ניט גיין; דער בעל הבית האָט עס אונז פערבאָטען: ער האָט מורא געהאַט, אַז מיר וועלען ביי איהם זעמעל גנב'ענען. מיר האָבען דיא זעמעל מאַכער ניט ליעב געהאַט, ווייל מיר האָבען זיי מקנא געווען: זייער ארבייט איז געווען גרינגער, זיי פלעגען בעקומען מעהר, זיי פלעגען עסען בעסער, זייער באַק־שטוב איז געווען גראַם און ליכטיג, און זיי זיינען אַלע געווען אַזעלכע זויבערע, געזונדע — און מיר האָבען זיי פערטראָגען ניט געקענט. מיר אַלע זיינען געווען אַזעלכע געלע און פער'חושך'טע, מאַנכע פון אונז האָבען געליטען פון מיאוסע קראַנקהייטען, איינער איז אין גאַנצען צוקרימט געווען פון רהעמאַטימוס. אין דיא פרייע שטונדען אָדער אין אַ יום טוב פלעגען זיי זיך אויספּוצען אין פיינע מלבושים, צוויי פון זיי האָבען געהאַט האַרמאָניקעס, און אַלע פלעגען זיי גיין שפּאַצירען אין פּאַרק, — וועהרענד מיר זיינען געגאַנגען אָפּגעריסען, אין פּאַרק פלעגט אונז דיא פּאָליציי ניט אריינלאָזען — האָבען מיר דען געקענט ליעב האָבען דיא זעמעל מאַכער?

איינער פון זיי האָט אָנגעפאַנגען צו טרינקען און דער בעל הבית האָט איהם אַוועקגעשיקט. אויף זיין פּלאַץ איז אָנגעקומען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט. מיר האָבען געהערט, אַז ער געהט אין אַן אַטלאַסענער זשילעטקע און האָט אַ זייגער מיט אַ גאָלדענער קייטעל. מיר האָבען געוואָלט אַ בליק טהאָן אויף אַזאַ פראַנט און מיר האָבען געזוכט אַ צופאַל איהם אָנצוקוקען.

אָבער ער איז אליין געקומען צו אונז. ער האָט געגעבען אַ זעץ מיט'ן פוס אין טהיר, ער האָט איהר געעפענט, זיך אַוועקגעשטעלט, שמייכלענדיג, אויפ'ן שוועל און האָט צו אונז געזאָגט:

— אַ גוטען מאָרגען, חברה!

דיא פראָסטיגע לופט האָט זיך אריינגעריסען, אַזוי וויא אַ געדיכטער רויך, אין טהיר און האָט זיך געדרעהט ארום זיינע פיס. ער איז געשטאַנען אויפ'ן שוועל און האָט אויף אונז געקוקט פון אויבען אראָפּ. פון אונטער זיינע בלאָנדע, מעשה כוואַט פערדרעהטע וואָנצען האָבען געבלישצעט גרויסע, געלע ציינער. אַ זשילעטקע האָט ער ווירקליך געטראָגען אַ זאָנדערבארע — אַ בלאָהע, מיט בלומען אויסגענייט, זיא האָט אין גאַנצען עפּעס אַזוי וויא געגלאַנצט, און דיא קנעפּלאַך זיינען עפּעס געווען פון רויטע שטיינדלאַך, און אַ קייטעלע האָט ער אויך געהאַט...

שיין איז ער געווען, דיעזער סאָלדאַט, אַ הויכער אַזאַ, אַ געזונדער, מיט רויטע באַקען, און זיינע גרויסע, ליכטיגע אויגען האָבען געקוקט קלאָר און פריינדליך. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ ווייסע, האַרטע אָנגעקראָכמעלטע מיטץ, און פון אונטער זיין זויבערען פאַרטוך, אויף וועלכען עס איז קיין ספּרינקעלע ניט געווען, האָבען ארויסגעקוקט דיא שאַרפע שפּיצען פון זאָרגזאַם אויסגעפּוצטע, עלעגאַנטע שטיוועל.

אונזער בעקער האָט זיך געווענדעט צו איהם מיט דרך ארץ און געבעטען פערמאַכען דיא טהיר; ניט איילענדיג זיך האָט ער עס געטאָהן און האָט זיך גענומען אויספרעגען וועגען בעל הבית. מיר האָבען אַלע אויף איין מאָל גענומען זידלען דעם בעל הבית, מיר האָבען איהם גערופען רשע, גנב, גזלן, מיר האָבען וועגען איהם געזאָגט אַלץ, וואָס מען דאַרף זאָגען וועגען אַ בעל הבית, און וואָס מען קען אויפ'ן פּאַפּיער ניט אָנשרייבען. דער סאָלדאַט האָט אונז געהערט, קרייזלענדיג זיינע וואָנצען בעטראַכטענדיג אונז מיט אַ ווייכען, ליכטיגען בליק.

— און מיידלאַך האָט איהר דאָ עפּעס? — האָט ער פּלוצלונג געפרעגט.

איינינגע פון אונז האָבען מיט דרך ארץ אַ לאַך געטהאָן, איינינגע האָבען געמאַכט עפּעס אַ זיסליכע מינע אויף דיא פּנים'ער, וועהרענד דיא אַנדערע האָבען ערקלעהרט, אַז אַן ערך ביז ניין מיידלאַך געפינען זיך אין גאַנצען הויז.

— וויא גייט אייך ביי זיי? — האָט געפרעגט דער סאָלדאַט אונטערווינקענדיג מיט דיא אויגען.

מיר האָבען זיך ווידער פאַנאַנדערגעלאַכט, ניט זעהר הויך, מיט אַ געמאַכטען געלעכטער... פיעלע פון אונז האָבען זיך געוואָלט ארויסשטעלען פאַר דעם סאָלדאַט אַלס פערשייטע, געשיקטע יונגען,

אָבער זיי האָבען דאָס ניט געקענט, קיי־
נער פון אונז האָט דאָס ניט געקענט.
אימיצער האָט זיך מודה געווען, זאָגענ־
דיג אין דער שטיל:

— וויא קומען מיר...

— אַ־ אזוי, אייך איז דאָס טאַקע שווער! — האָט געזאָגט מיט אַ זיכע־רען טאָן דער סאָלדאַט, איינקוקענדיג זיך אין אונז... — איהר זייט עפּעס... ניט דאָס... קיין האַלטונג... קיין אנשטענדיגען אויסזעהן! און אַ פרוי — זיא ליעבט דעם אויסזעהן אין אַ מענשען. זיא דאַרף האָבען, אַז דער קערפּער זאָל זיין אַ ריכ־טיגער... אַז אַלץ זאָל זיין — אַקוראַטנע! דערצו נאָך אַכטעט זיא כוח.... דיא האַנד זאָל זיין — אַזוי!

דער סאָלדאַט האָט ארויסגענומען פון טאַש זיין רעכטע האַנד, האָט פאַר־קאַשערט דעם אַרבעל און האָט איהר אויסגעשטרעקט צו אונז... דיא האַנד איז געווען ווייס, שטאַרק, געדיכט בעוואַקסען מיט גלאַנציגע, גאָלדליכע האָר.

— דיא פוס, דיא ברוסט — אַלץ דאַרף זיין מיט אַ פעסטקייט... און וויי־טער — דער מענש דאַרף זיין אויך אָנ־געטהאָן וויא עס דאַרף צו זיין... אזוי וויא עס פאָדערט דיא שיינקייט... מיך טאַקע — ליעבען פרויען. איך רוף זיי ניט, איך זוך זיי ניט — אַליין און פינף מיט אַמאָל היינגען זיי זיך מיר אויף'ן האַלז...

ער האָט זיך געזעצט אויף אַ זעקעל מעהל און האָט זעהר גרויס און ברייט דערציילט פאַר אונז, וויא ליעב עס האָ־בען איהם דיא פרויען און וויא בראַוו ער בעגעהט זיך מיט זיי. נאָכהער איז ער אַוועקגעגאַנגען. אַ ביסעל צייט האָבען מיר געשוויגען און געטראַכט וועגען איהם און זיינע געשיכטען. און ווען — מיר האָבען פּלוצלונג אָנגעפאַנגען אַלע אויף איין מאָל, צו ריידען, האָט זיך ארויסגע־צייגט, אַז ער איז אונז אַלעמען געפעלען געוואָרען. אַזאַ וואוילער, ער בלאָזט ניט פון זיך — ער איז געקומען, געזעסען, פערבראַכט. צו אונז איז קיינער ניט געגאַנגען און קיינער האָט מיט אונז אזוי פריינדליך ניט גערעדט... און מיר האָבען אַלץ גערעדט וועגען איהם און מיר זיינען אַלע זיכער געווען, אַז ער וועט האָבען גרויס ערפאָלג צווישען דיא שמוקלע־מיידלאַך, וועלכע פלעגען אונז אימער בע־ליידיגען מיט זייער פעראַכטונג. דיעזע מיידלאַך, ווען זיי פלעגען זיך טרעפען מיט אונז, פלעגען אָדער אָפּגעהן אין אַ זייט, אָדער גיין גלייך אויף אונז, אזוי וויא מיר וואָלטען געווען — גאָרנישט. מיר פלעגען פון זיי פערגעניגען האָבען נור פון ווייטען, מיר פלעגען ענטציקט זיין אָנצוקוקען זיי שיינע, אויסגעפּוצטע — ווינטער אין פוטערנע היטעלאַך און פוטע־רנע מאַנטלען, און זומער — אין היטעלאַך מיט בלומען און מיט אַלערלייפאַרביגע זאָנטיקעס אין דיא הענד. ריידען וועגען זיי פלעגען מיר, אָבער, אין אַזאַ לשון, אַז זיי וואָלטען משוגע געוואָרען פאַר שאַנדע און בעליידיגונג, ווען זיי וואָלטען עס גע־הערט.

— ער זאָל כאָטש טאַניאַ'ן... ניט איבערפיהרען! — האָט פּלוצלונג אונזער בעקער ארויסגערעדט און עפּעס אַ מין אונרוהיגקייט האָט זיך געהערט אין זיין שטימע.

מיר זיינען אַלע אנשוויגען געוואָרען, ערשטוינטע פון דיעזע ווערטער. מיר האָ־בען זיך גאָר פערגעסען אָן טאַניאַ'ן: דער סאָלדאַט, מיט זיין געוויקסיגער, שיינער פיגור, האָט אונז פערשטעלט פון איהר. נאָכהער האָט אויסגעבראָכען אַ טומעל־דיגע ריידערייו: אייניגע האָבען בעהויפּ־טעט, אַז טאַניאַ איז ניט אַזאַ, וואָס זאָל זיך לאָזען פערפיהרען, אַז זיא וועט איהם ניט צולאָזען צו זיך, אייניגע האָבען בע־הויפּטעט אין געגענטהייל, אַז זיא וועט בשום אופן ניט ביישטיין געגען דעם סאָל־דאַט. דיא איבעריגע האָבען, ענדליך, פאָרגעשלאָגען איבערצוהאַקען דעם סאָל־דאַט אַלע ריפּען, אויב נור ער וועט נעה־מען מחזקות מאַכען מיט טאַניאַ'ן. און מיר האָבען אַלע בעשלאָסען אַכטונג צו געבען אויף דעם סאָלדאַט, צו וואַרנען אונזער טאַניאַ געגען איהם, זיא זאָל זיך היטען פון איהם... דערמיט זיינען מיר צוריק שטיל געוואָרען.

---

אַ חודש צייט איז אַוועקגעגאַנגען; דער סאָלדאַט האָט געבאַקט זיינע זעמעל, זיך אַרומגעפיהרט מיט דיא שמוקלער מיידלאַך, אָפט פלעגט ער אַריינקומען צו אונז אין קעלער, וועגען זיינע ערפאָלגען

צווישען מיידלאַך האָט ער מעהר שוין ניט דערציילט, ער פלעגט נור דרייהען זיינע וואָנצען, שמאָקצען זיי און בעלעקען זיך.

טאַניאַ פלעגט צו אונז קומען יעדען מאָרגען נאָך בויגעל און, אַזוי וויא איי־מער, אַ פריילֿיכע, אַ ליעבליכע, אַ פריינד־ליכע. מיר האָבען געפּרופט אָנציהען מיט איהר אַ געשפּרעך וועגען דעם סאָל־דאַט, — זיא האָט איהם אָנגערופען „אויגענגלאָציגער קעלבעל" און אַנדערע זאַבּאַוונע צונעמענישען, און דאָס האָט אונז פאָלקאָם בערוהיגט. מיר האָבען גע־זעהן, וויא אַלע מיידלאַך וואַרפען זיך דעם סאָלדאַט אויפ'ן האַלז, און מיר זיי־נען געוועזן שטאָלץ מיט אונזער טאַניאַ; איהר האַלטונג האָט אונז מוטה און גאוה צוגעגעבען; קוקענדיג אויף איהר, האָבען מיר זעלבסט גענומען פעראַכטען דעם סאָלדאַט. און מיר האָבען אונזער מיי־דעלע נאָך מעהר ליעב געקראָגען, און נאָך פריילֿיכער און גוטמוטהיגער פלעגען מיר איהר יעדען מאָרגען בעגעגנען.

איינמאָל איז דער סאָלדאַט צו אונז געקומען אַ ביסעל שכור'ליך, ער האָט זיך געזעצט און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, און ווען מיר האָבען איהם געפרעגט וועגען זיין געלעכטער, האָט ער אונז גענומען דערציילען:

— צוויי האָבען זיך געסטערן צו־שלאָגען איבער מיר... לידקאַ מיט גרוש־קען... אוי, וויא זיי האָבען זיך צוקאַ־ליעטשעט! כאַ - כאַ! איינע דיא אַנ־דערע פאַר דיא נעזער, פאַר דיא האָר, און מען קייקעלט זיך אין פאָרהויז אויף דער ערד... כאַ־כאַ־כאַ! דיא צורות צו־גראַפּעט... צוריסען, צובלוטיגט... כאָטש נעהם און פּלאַץ פאַר געלעכטער! און וואָרום קענען זיך עפּעס דיא ווייבער ניט שלאָגען ערנטליך? וואָרום גראַפּען זיי זיך? האַ?

ער איז געזעסען אויפ'ן ביינקעל, אַ ריינינקער, אַ געזונדער אַזאַ, אַ פריילֿי־כער, ער איז געזעסען און זיך געקייקעלט פאַר געלעכטער. מיר אַלע האָבען געשווי־גען. ער איז אונז געווען דיעזען מאָל אַבשייליך.

— נ - ניין, וויא עס איז דאָס מיט דיא ווייבער, האַ? אַזוי זאַבּאַוונע... דוא טהוסט נור אַ פינטעל מיט דיא אויגען און — פאַרטיג! טייוועל!

ער האָט אויפגעהויבען זיינע ווייסע, האָריגע הענד און האָט אַ פּאַטש געטהאָן מיט זיי איבער דיא קניע. ער האָט גע־קוקט אַזוי אַנגענעהם פערוואונדערט, אַזוי וויא ער וואָלט ווירקליך ערשטוינט גע־ווען פון זיין גליק מיט דיא פרויען. זיין דיקע, רויטע צורה האָט געגלאַנצט פאַר צופריעדענהייט, און ער האָט ניט אויפ־געהערט צו פּאַשמאַקעווען און צו בעלע־קען זיך.

אונזער בעקער האָט צאָרניג אַ קלאַפּ געטהאָן אָן אויווען מיט דער לאָפּעטע און האָט איראָניש בעמערקט:

— עס איז ניט קיין קונץ איינצו־וואַרפען אַ קליין בוימעלע, זאָל מען נור פּרופען אַ סאָסנע...

— וואָס הייסט — דוא מיינסט עס מיך? — האָט געפרעגט דער סאָלדאַט.

— און טאַקע דיך...

— וואָס מיינסטו צו זאָגען?

גאָרנישט... עס איז אוועקגעפליי־גען!

— ניין, דוא וואַרט נור, וואָס מיינסטו? וואָס איז דאָס פאַר אַ סאָס־נע?

אונזער בעקער האָט ניט געענטפערט און האָט נאָך שנעלער גענומען ארבייטען מיט זיין לאָפּעטע. ער האָט אַזוי וויא אין גאַנצען פערגעסען אָן דעם סאָלדאַט. אָבער דיעזער איז פּלוצלונג אונרוהיג גע־וואָרען. ער האָט זיך געשווינד אויפ־געהויבען און איז צוגעגאַנגען צום אוי־ווען, ריזיקירענדיג אָפּצושלאָגען זיך אָן שפּיץ פון דער לאָפּעטע, וועלכע האָט שוי־דערענד ארומגעטאַנצט אין דער־לופטען.

— ניין, דוא זאָג מיר — ווער איז דאָס? דוא האָסט מיר בעליידיגט... פון מיר וועט קיינע ניט אַוועקגיין, קיינע! און דוא זאָגסט מיר אַזעלכע זאַכען...

עס האָט זיך גערוכט, אַז ער איז ווירקליך און אויפריכטיג בעליידיגט גע־ווען. עס ווייזט אויס, דאָס ער האָט זיך מיט קיין זאַך ניט געקענט איבערנעהמען, אַ חוץ נור מיט זיין כח צו פערפיהרען פרויען; אויסער דיעזער פיהיגקייט, קען זיין, האָט ער קיינעם לעבעדיגעס ניט גע־האַט אין זיך, און נור דאָס האָט איהם

געמאכט צו פיהלען זיך אלס א לעבעדיגער מענש.

עס גיבען מענשען, פאר וועלכע א געוויסע קראנקהייט פון דעם קערפער אדער פון דער נשמה איז גראדע דאס בעסטע, דאס טהייערסטע וואס זיי בעזי־צען אין לעבען. זיי טראגען זיך אימער דערמיט ארום און נור דערמיט לעבען זיי, אזוי וויא זיי וואלטען זיך געשפייזט מיט זייערע ליידען. זיי בעקלאגען זיך שטענ־דיג אויף דעם און זיי ציהען דערמיט דיא אויפמערקזאמקייט פון זייערע ארומיגע. זיי נעהמען דערפאר ביי דיא מענשען סימפאטיע און מיטלייד — און אויסער דעם האבען זיי גארנישט. נעהמט אפּ ביי זיי זייער קראנקהייט, היילט זיי אויס, — ווערען זיי אונגליקליך, זיי ווערען בע־רויבט פון זייער איינציגען מיטעל אנצו־פילען מיט עפּעס דעם לעבען — זיי ווערען פוסט. אפטמאל איז דאס לעבען פון מענשען אזוי ארעם, דאס ער מוז ניט ווילענדיג שעצען זיינע פעלערן און זינדע און לעבען מיט זיי; מען קען זאגען, אז מענשען זיינען גאנץ אפט פערברעכער פון לאנגווייליגקייט.

דער סאלדאט האט זיך בשום אופן ניט געוואלט בערוהיגען, ער איז אלץ צו־געשטאנען צו אונזער בעקער און גע־שריען:

— ניין, דוא זאג — ווער איז דאס?

— זאגען? — האט זיך דער בעקער צו איהם פּלוצלונג אומגעקעהרט.

— נו?

— דוא קענסט טאניא'ן?

— נו?

— דאס איז זיא! פּרוף נור...

— איך?

— דוא!

— דיעזע? — דאס איז אויך עפּעס

— טפו!

— מיר וועלען נאך זעהן!

— דוא וועסט זעהן! כא־כא!

— זיא וועט דיר...

— א חודש סראק!

— אך, ביזטו א בעריהמער, דוא סאלדאט!

— צוויי וואכען! איך וועל דיר ווייזען! וואס איז זיא דאס דיא טאנקא — טפו!...

— נו, אוועק פון דאנען... דוא שטערסט אונז!

— צוויי וואכען און — פארטיג! אך דוא איינער...

— אוועק פון דאנען, זאג איך דיר!

אונזער בעקער איז פּלוצלונג ווילד געווארען און האט זיך א ווארף געטהאן מיט דער לאפּעטע. דער סאלדאט האט זיך פערוואונדערטערהייט אפּגערוקט, ער האט א קוק געטהאן אויף אונז, און שטיל און בייז ארויסגערעדט: „מיר וועלען זעהען!" — מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען.

מיר האבען דיא גאנצע צייט גע־שוויגען. מיר זיינען געווען פעראינטע־רעסירט צו זעהן, וואס וועט דערפון ארויסקומען. נור ווען דער סאלדאט איז ארויסגעגאנגען, האט זיך אויפגעהויבען צווישען אונז א גאנצער טומעל.

— זעהר שלעכט האסטו געטהאן, פּאוועל! — האט אימיצער ארויסגע־שריען.

— ארבייט און זאל דיר ניט ארען!

— האט דער בעקער בייז און אויפגע־רעגט געענטפערט.

מיר אלע האבען געפיהלט, אז דער סאלדאט איז שרעקליך אויפגערייצט און אז טאניא'ן דראהט א געפאהר. מיר האבען דאס אלע געפיהלט, און צו זעלבער צייט האט אונז אלעמען ארומגעכאפּט א שטארקע, כמעט אן אנגענעהמע נייגעריג־קייט—וואס וועט זיין? צו וועט טאניא קענען ביישטיין? און מיר אלע האבען גע־שריען מיט זיכערהייט:

—טאנקא? זיא איז שוין ניט אזא גרינגער ביסען! מיט נאקעטע הענד וועסטו איהר ניט נעהמען!

א געטין האבען מיר דא געהאט — און אונז האט זיך שרעקליך געוואלט אויספּרופען איהר מאכט; מיר האבען היטציג איבערצייגט איינער דעם צוויי־טען, אז אונזער געטין — איז א מעכטיגע געטין, אז זיא וועט ארויס פון צוזאמענ־שטויס אונבעזיעגבאר. אונז האט זיך, ענדליך, גענומען דוכטען, אז מיר האבען דעם סאלדאט נאך וויינינג אויפגערייצט, אז ער קען זיך נאך פערגעסען אן דער גאנצער געשיכטע. און פון יענעם טאג אן האבען מיר גענומען לעבען עפּעס מיט א בעזאנדערען, נערוועז־אנגעשטריינגטען

לעבען, — אזוי האָבען מיר נאָך קיין מאָל ניט געלעבט. גאַנצע טעג האָבען מיר צווישען זיך דיסקוטירט, מיר זיינען עפּעס אַלע קלוג געוואָרען, האָבען מעהר און שעהנער ריידען גענומען. אונז האָט זיך געדוכט, אז מיר שפּיעלען דאָ אַ שפּיעל מיט'ן טייוועל, וואו פון אונזער זייט איז געשטעלט געוואָרען אין קאָן — טאַניאַ.

און ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט פון דיא זעמעל מאַכער, אז דער סאָלדאַט האָט זיך גענומען „טשעפּען צו אונזער טאַניאַ'ן, איז אונז געוואָרן אַזוי אימה'־דיג־גוט, אַזוי ניינגעריג צו לעבען, דאָס מיר האָבען אפילו ניט בעמערקט, וויא דער בעל הבית, אויסנוצענדיג אונזער אויפרעגונג, האָט צוגעגעבען אונז ארבייט אויף 14 פּוד טויג אַ מעת לעת. מיר פלעגען פון דער ארבייט גאָר אזוי וויא קיין מאָל ניט מיעד ווערען. טאַניאַ'ס נאָמען איז טאָג וויא נאַכט געוועזען ביי אונז אויף דיא ליפּען. און יעדען מאָרגען האָבען מיר אויף איהר געוואַרט מיט אַ משונה'דיגען אונגעדולד. און אָפּטמאָל פלעגט זיך אונז פאָרשטעלען, אז אָט־אָט זיא וועט אריינגעהן צו אונז, — און עס וועט שוין ניט זיין יענע, דיא פריהעריגע טאַניאַ, נור עפּעס אַן אנדערע, אַ פרעמדע.

מיר האָבען איהר, דעננאָך, וועגען קיין זאַך ניט דערצעהלט. מיר האָבען זיך ביי איהר וועגען קיין זאַך ניט נאָכגעפרעגט און זיינען זיך בעגאַנגגען מיט איהר אזוי גוט און אזוי צערטליך, וויא פריהער. אין אונזערע געפיהלען צו איהר, אָבער, האָט זיך עטוואָס יע אריינגע'גנב'עט, עטוואָס נייעס און פרעמדעס,—און דיעזעס נייעס איז געוועזען אַ שאַרפע נייגעריגקייט, אַ שאַרפע און אַ קאַלטע, אזוי וויא אַ שטאָלענער מעסער...

— ברידער! היינט איז געקומען דער סראָק!—האָט געזאָגט אין איינעם אַ פריהמאָרגען אונזער בעקער, שטעלענדיג זיך צו דער ארבייט.

מיר האָבען דאָס אַליין אויך גוט געוואוסט, קיינער האָט עס אונז ניט געדאַרפט דערמאָנען, דאָך האָט עס אונז אַלעמען אויפגעטרייסעלט.

— זייט נור אויפמערקזאַם... זיא קומט באַלד!—האָט פאָרגעשלאָגען דער בעקער. אימיצער האָט מיט בעדויערען בעמערקט:

— וואָס קענסטו דאָ זעהן מיט דיא אויגען!

און ווידער האָט ביי אונז אויפגעקאָכט אַ לעבעדיגער, טומעלדיגער געשפּרעך. היינט, ענדליך, וועלען מיר זיך דערוויסען, אויף וויפיעל עס קען זיך ניט צוקלעפּען קיין שמוץ, אויף וויא פיעל עס איז ריין דיא כלי, אין וועלכער מיר האָבען אריינגעלייגט דאָס בעסטע, וואָס מיר האָבען געהאַט. אין דיעזען פריהמאָרגען האָבען מיר מיט אַ מאָהל דערפיהלט, אז מיר שפּיעלען דאָ ווירקליך אין אַ גרויסען שפּיעל, אז מיר שטעלען דאָ איין אין קאָן זעהר פיעל. דיא לעצטע טעג האָבען מיר נאָכאַנאַנד געהערט, אז טאַניאַ ווערט פערפאָלגט פון דעם סאָלדאַט אונאויפהערליך און מיט עקשנות, אָבער קיינער פון אונז האָט ניט געדריינקט צו פרעגען איהר, ווי זיא פערהאַלט זיך צו איהם. און זיא האָט, וויא פריהער, אַלץ פּאַרטגעזעצט צו קומען צו אונז אַקוראַטנע יעדען מאָרגען נאָך בייגעל, און עס האָט אויסגעזעהען, אז זיא איז דאָס זעלבע, אזוי וויא אימער.

און אויך אין דיעזען טאָג האָבען מיר געהערט איהר שטימע:

— אַרעסטאַנטלאַך! איך בין געקומען...

מיר האָבען זיך געאיילט איהר דיא טהיר צו עפענען, און ווען זיא איז אריינגעקומען, האָבען מיר—אַנדערש וויא אַלע מאָהל—בעגעגענט איהר מיט אַ שטילשווייגען. מיר האָבען פון איהר דיא אויגען ניט אראָפּגענומען, און מיר האָבען ניט געוואוסט וואָס צו ריידען מיט איהר, וואָס צו פרעגען איהר. און מיר זיינען געשטאַנען פאַר איהר אַ פינסטערע, אַ שטום שווייגענדע מאַסע. זיא האָט זיך קענטיג געוואונדערט אויף דער אויסערגעוויינליכער בעגעגעניש,—און פּלוצלונג האָבען מיר דערזעהן, אז זיא איז געוואָרען בלאַס, אונרוהיג; זיא האָט אויפגעציטערט און מיט אַ פערשטיקטען קול אַ פרעג געטאָהן:

— וואָס זייט איהר עפּעס... אַזעלכע?

— און דוא?—האָט איהר פינסטער

גענטפערט דער בעקער, איינטשעפענדיג זיך אין איהר מיט דיא אויגען.

— וואס — איך?

— נ־גארנישט...

— נו, גיט זשע שוין דיא בויגעל... קיין מאהל האט זיא אונז פריהער ניט געאיילט...

—האב צייט!—האט געזאגט דער בעקער, ניט ריהרענדיג זיך פון ארט און ניט אפרייסענדיג דיא אויגען פון איהר פנים.

דאן האט זיא זיך מיט א מאהל אומגעקעהרט און איז פערשוואונדען דורך'ן טהיר.

דער בעקער האט זיך גענומען פאר דער לאפעטע און האט רוהיג ארויסגעזאגט, אפקעהרענדיג זיך צום אויוען:

— הייסט עס — זיא איז פארטיג!... אך, דער סאלדאט... דער פאדליעץ... דער מערזאוועץ!...

אזוי וויא א סטאדע באראנעס, שטויסענדיג איינע דיא אנדערע, זיינען מיר אוועקגעגאנגען צום טיש, און שווייגענד און פויל האבען מיר זיך געזעצט צו דער ארבייט. איינער האט געפרופט זאגען:

— און אפשר נאך...

— נו־נו! רייד נאך—האט ארויסגעשריען דער בעקער.

מיר האבען געוואוסט אז אונזער בעקער איז א מענש א קלוגער, קליגער פון אונז אלעמען. און זיין געשריי האט אונז שוין קלאהר צו פערשטעהן געמאכט אז דער סאלדאט האט אויסגעפיהרט... אונז איז געווארען טרויעריג און שווער...

צוועלף א זייגער,—אין צייט פון מיטאג,—איז געקומען דער סאלדאט. ער איז געוועזן, וויא אימער, זויבער און אויסגעפוצט און—וויא אימער—האט ער געקוקט אונז גלייך אין דיא אויגען. און אונז איז געווען שווער צו קוקען אויף איהם.

— נו, מיינע הערען עהרליכע, איהר ווילט, וועל איך אייך ווייזען, וואס א כוואט א סאלדאט קען! — האט ער אויסגערופען, שטאלץ שמייכלענדיג. — איהר געהט נור ארויס אין פארהויז און קוקט דורך דיא שפאלטען... איהר פערשטעהט?

מיר זיינען ארויסגעגאנגען, און שפארענדיג זיך איינער אויף דעם אנדערן, האבען מיר זיך א ווארף געטאהן אין פארהויז. דיא וואנד פון הויף איז געווען פון ברעטער און איז פול געווען מיט שפאלטען. מיר האבען לאנג ניט געווארט... אין א ווייל ארום האט זיך בעוויזען טאניא; זיא איז געגאנגען איבערן הויף מיט א געשווינדען גאנג, מיט א פערזארגטער געזיכט, איבערשפרינגענדיג איבער דיא לוזשעס פון בלאטע און צוגאנגענעם שניי. זיא איז פערשוואונדען אין א פוסטען קעלער אויף'ן הויף. שפעטער א ביסעל איז אהין דורכגעגאנגען אויך דער סאלדאט; ער איז געגאנגען לאנגזאם, דיא הענד אין דיא טאשען, אונטערפייפענדיג, דרעהענדיג מיט דיא וואנצען...

עס האט גערעגענט, און מיר האבען געזעהן וויא דיא טראפענס זיינען געפאלען אין דיא לוזשעס און דיא לוזשעס האבען זיך געקנייטשט אונטער זייערע קלעפ. דער טאג איז געווען א פייכטער, א פוילער, א גראהער—זעהר א לאנגווייליגער טאג. אויף דיא דעכער איז נאך געלעגען שניי, און דיא ערד איז געווען צוגעדעקט מיט שווארצע פלעקען פון בלאטע. און דער שניי אויף דיא דעכער איז אויך געווען דונקעל־בלאטיג. דער רעגען איז געגאנגען לאנגזאם, ער האט געקלאפט שוואך און אומעטיג. אונז איז געווען קאלט און אונאנגענעהם צו ווארטען.

דער ערשטער פון קעלער איז ארויס דער סאלדאט; ער איז געגאנגען איבערן הויף לאנגזאם, דיא הענד אין דיא טאשען, דרעהענדיג מיט דיא וואנצען—אזעלכע, וויא אימער.

נאכהער — איז ארויסגעגאנגען טאניא. דיא אויגען איהרע... דיא אויגען איהרע האבען געשיינט מיט פרייד און מיט גליק, און דיא ליפען — האבען געשמייכעלט. און געגאנגען איז זיא, אזוי וויא אין חלום, וואקלענדיג זיך, מיט ניט זיכערע טריט...

מעהר שוין האבען מיר ניט געקענט איבערטראגען. מיר האבען זיך אלע מיט אמאל א ווארף געטאהן צום טיהר, מיר זיינען ארויסגעשפרונגען אויפן הויף און — מיר האבען גענומען פייפען, שרייען אויף איהר, פילדערן, בייז, הויך, ווילד.

זיא איז אויפגעציטערט געווארען, דערזעהענדיג אונז, און איז געבליבען שטיין, אזוי וויא צוגעשמידט, אין א לוזשע בלאטע. מיר האבען איהר ארומגע־

רינגעלט, אזוי וויא טייוואָלים, און מיר האָבען גענומען אויף איהר גיסען, אָהן שיער און אָהן אָבהאַלט, דיא ערגסטע שימפּפעריייען, דיא שענדליכסטע, דיא שמוציגסטע ווערטער.

מיר האָבען עס געטאָהן לאַנגזאַם, מיר האָבען זיך ניט געאיילט, מיר האָבען געזעהן, אַז זיא האָט ניט וואוהין צו גיין, אַז זיא איז ארומגערינגעלט פון אונז, אַז מיר קענען איהר ערניעדריגען, וויפיעל מיר ווילען נור. איך ווייס ניט פאר וואָס נור מיר האָבען איהר ניט געשלאָגען. זיא איז געשטאַנען צווישען אונז, דרייהענדיג אהער און אַהין מיין קאָפּ, הערענדיג אונזערע בעליידיגונגען. און מיר האָבען נאָך מעהר און נאָך שטאַרקער געוואָרפען אין איהר מיט דעם שמוץ און דעם גיפט פון אונזערע ווערטער.

דיא רויטליכקייט איז אראָפּ פון איהר געזיכט, איהרע בלאָהע אויגען, וועלכע האָבען געקוקט מיט אַ ווייליע פריהער אַזוי גליקליך, האָבען זיך ברייט אויפגע־עפענט, איהר ברוסט האָט געאָטהעמט שווער, איהרע ליפּען האָבען געציטערט.

און מיר האָבען איהר אַליין ארומגע־רינגעלט; מיר האָבען פון איהר נקמה גע־נומען, ווייל זיא האָט אונז מיט אַזאַ אכזריות בערויבט — און אונזער נקמה האָט זיך אָנזעטיגען ניט געקענט. זיא האָט צו אונז געהערט, דאס בעסטע פון אונזער נשמה האָבען מיר איהר אָפּגעגע־בען, און כאטש דאס איז געווען — ברעק־לעך פון בעטלער, אבער מיר זיינען — זעכס און צוואַנציג, זיא איז — נור איינע, און דארום זיינען ניטא דיא יסורים, וועל־כע זיא זאָל ניט ווערטה זיין. מיר האָבען איהר פירכטערליך בעליידיגט, געפייי־ניגט!... און זיא האָט אַליין געשוויגען, זיא האָט געקוקט אויף אונז מיט ווילדע אויגען, אַ צאָהן אַן אַ צאָהן האָט איהר גע־קלאַפּט, עס האָט איהר געוואָרפען, גע־שווידערט.

מיר האָבען געלאַכט, געברומט, גע־ראָוועט.... צו אונז זיינען צוגעקומען נאָך מענשען... איינער פון אונז האָט איהר אַ ריס געטאָהן פארן ארבעל פון איהר קאָפּ־טע...

פּלוצלונג האָבען איהרע אויגען אויפ־געבליצט, לאַנגזאַם האָט זיא אויפגעהויי־בען דיא האַנד צום קאָפּ צו פעררריכטען דיא האָר, און הויך, אָבער רוהיג האָט זיא אונז ארויסגערעדט גלייך אין געזיכט אריין:

— אַך, איהר ארעסטאַנטען, איהר אומגליקליכע!...

און זיא איז אַוועקגעגאַנגען גלייך אויף אונז, זיא איז אַזוי פשוט געגאַנ־גען, אַזוי וויא מיר וואָלטען געגען איהר ניט געשטאַנען, אַזוי וויא מיר וואָלטען איהר וועג ניט פערצאַמט. דארום איז טאַקע קיינער פון אונז ווירקליך ניט גע־שטאַנען איהר אין וועג.

און אַוועקגעהענדיג פון אונז, האָט זיא, ניט אומקעהרענדיג זיך, מיט אַן אונ־בעשרייבליכער פעראַכטונג, וויעדער גע־זאָגט:

— איהר שופטען.... איהר אַ־אויס־וואורפע...

און — אַוועקגעגאַנגען.

מיר זיינען געבליעבען שטיין אין מיטען הויף, אין בלאָטע, און רעגען, אונ־טערן גראָהען הימעל אָהן אַ זונן....

נאָכהער זיינען מיר שווייגענד אוועק צוריק אין אונזער פייכטער שטיינערנער גרוב. אַזוי וויא פריהער, האָט דיא זונן צו אונז קיין מאָהל ניט אריינגעקוקט, און טאַניאַ איז שוין אויך מעהר ניט געקומען — קיינמאָהל ניט!....



# גרויסע לייט

## אין קונסט ליטעראַטור און וויססענשאַפט.

(קורצע ביאגראפיען)

## א.

אַבּאַרבּאַנעל. — יצחק אבארבאנעל איז געבאָרען אין ליסאבאָן אין יאהר 1437, און האָט געשטאַמט פון דוד המלך'ס פאַמיליע, ער האָט בעקומען זעהר אַ הויכע בילדונג, און האָט זעהר נושא חן געווען ביין קעניג אַלפאָנס דעם 5טען פון פּאָרטוגאַל, וועלכער האָט איהם געגעבען זעהר א וויכטיגע שטעל־לע. נאָך דעם טויט פון אַלפאָנסען, האָט מען שטארק אָנגעהויבען צו זאָגען רכילות אויף איהם צום נייעם קיסר, און יצחק אבארבאנעל האָט געמוזט אַנטלויפען קיין שפּאַניען. דאָרט האָט מען איהם פריינדליך צוגענומען, און עס איז ניט אַוועק קיין דריי יאהר, וויא ער איז געוואָרען דער הויפּט מיניסטער ער איז פערבליעבען אויף דעם פּאָסט אַכט יאהר פון 1484 ביז 1492, פון שפּאַניען האָט ער אָבער אויך געמוזט אַנטלויפען, ווען מען האָט פון דאָרטען ארויסגעטריעבען דיא אידען. ער האָט דאַן פיעל ארומגערייזט איבער איטאַ־ליען און אַנדערע מדינות פון יוראָפּ, ביז ענדליך ער האָט זיך בעזעצט אין ווענעציע, וואו מען האָט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען און ער איז אויך דאָרט געוואָרען דער הויפּט מי־ניסטער אין 1503. פינף יאהר שפּע־טער איז ער געשטאָרבען. ער איז געווען איין טאַלאַנטפאָלער שרייבער, זיין שרייבען האָט געטראָגען איין שארפען פּאָלעמישען כאראַקטער. ער האָט שטארק בעקעמפּפט דאָס קריסטענ־טהום, אָבוואָהל ער האָט געהאַט פיעלע פריינד צווישען זיי. ער האָט אויך גע־מאַכט פיעלע פירושים אויף דער בי־בעל.

אודאָרף, יאַקאָב איז געבוירען געוואָרען דעם 1טען אויגוסט 1835 אין האַמ־בורג. ער איז געווען 5 יאָהר אין דער לעהרע אַלס שלאָסער און מעכאַניקער. אין 1857 איז ער ארויס אויף דער וועלט, און איז געקומען צוריק אין האמבורג אין דער צייט, ווען דיא לאַ־סאַליאַנישע בעוועגונג האָט זיך אָנגע־פאַנגען. ער האָט גענומען אַ גרויסען טהייל אין איהר און צום ערסטען יאָהר־צייט פון לאַסאַל (1864) האָט ער פער־פאַסט דיא "דייטשע ארבייטער־מאר־סעליעזע, וועלכע איז עד היום געבלי־בען דאָס פּאַרטיי־ליעד פון דיא סאָ־ציאַל - דעמאָקראַטען אין דייטשלאַנד. געשטאָרבען 20טען יוני 1898.

אָוועַן, ראָבערט איז געבוירען געוואָרען דעם 14טען מאַי 1771 אין ניוטאָן, ענגלאַנד. אַ זוהן פון אַ בעל מלכה איז ער געווען. זיין פאָטער האָט איהם ערצויגען אַלס סוחר. צו 19 יאָהר איז ער שוין געווען פּאָרמאַן אין אַ וואָהל־שפּינערייע. באַלד איז ער געוואָרען אַ טהייל - האָבער פון אַ פירמאַ אין מאַנ־שעסטער און זייט דאַן איז ער גע־וואַקסען אין האַנדעל און אינדוסטריע. שוין אין דיא יונגע יאָהרען האָט ער זעהר פיעל געטהאָן פיר דיא אָרימע און אונטערדריקטע קלאַסען. אין 1819 איז איהם געלונגען דורכצופיהרען דאָס געזעץ פון פרויען און קינדער - שוץ. אַלס מיטעל געגען דיא וואַקסענדע אר־מוטה האָט ער רעקאָמענדירט צו גרינ־דען קאָלאָניען פיר ארבייטסלאָזע. דיזע קאָלאָניען האָט ער ענטוויקעלט דערנאָך צו קאָמוניסטישע געמיינדען, פון וועל־כע ער האָט פיעל ערוואַרטעט. פון 1824 ביז 1830 האָט ער געזוכט דורכ־צופיהרען זיינע פּלענער אין אַמעריקאַ. אין 1832 האָט ער געגרינדעט דיא „ארבייטער - באַנק", איז געווען זעהר

טהעטיג צווישען דיא ארבייטער פער־איינען און האט אגיטירט פיר קאאפע־ריישיאן. געשטארבען 17 נאוועמבער 1858.

**אווערבאך.**—בערטהאלד אווערבאך פער־נעהמט איינע פון די העכסטע שטעלען אין דער דייטשער ליטעראטור אלס ראָ־מאנען און סקיצען שרייבער. אין זיינע יונגע יאהרען האבען איהם זיינע על־טערען געמאכט פארברענגען צייט ביין תלמוד, זיי האבען געוואלט מאכען פון איהם א רב, עס איז אבער זיי ניט געלונגען, ניט נור איז ער ניט געווארען א רב, זאנדערן נאך עטוואס מעהר וויא א פרייזיניגער. ער האט א רעגען אנ־טהייל גענומען אין דער פארטיי „יונ־געס דייטשלאנד“ און האט געמוזט זיצען אייניגע מאנאט אין טורמע, דארט טאקע האט זיך ביי איהם אנגע־פאנגען צו ענטוויקלען זיין טאלאנט, ער האט זיצענדיג אין געפענגניס אנ־געשריעבען זיין ראמאן „ברוך ספינא־זא“. זיין צווייטעס ווערק איז אויך געווען פון אידישען לעבען, נעמליך דער בוך „פּאעט און קויפמאן“. ספּע־ציעל אבער האט ער זיך בעריהמט געמאכט מיט זיינע „דארף־געשיכטען“, וועלכע בעהאנדלען דעם לעבען פון דעם פראסטען עולם. געבארען וואר ער דעם 12טען פעברואר 1812. גע־שטארבען דעם 8טען פעברואר 1882.

**איזראעל יוסף**, איז געווען איין האלאנ־דישער איד, א מאהלער, זיינע בילדער טראגען דיא חתימה פון טרויער, ער האט געמאהלען מייסטע אלטע לייט, ארבייטער לעבען און פון אידישען לע־בען, ער איז געווען איינער פון דיא פארלויפער פון רעאליזמוס אין דער קונסט פון מאהלען. ער וואר געבארען דעם 27טען יוני 1824.

**אנדזשעלא.** — מייקעל אנדזשעלא בונא־ראטי, איז בעקאנט אלס איינער פון דיא גרעסטע קינסטלער אין מאהלען בילדער, און אלס סקולפּטאר, ער וואר אבער נאך א בעסערער ארחיטעקטאר, ער האט געלעבט פון 1475 ביז 1564.

**אנטאקאלסקי.** — וואס פאר א איד, און בעזאנדערס נאך א רוסישער, האט ניט געהערט פון מאטעל אנטאקאלסקי, דעם גרויסען סקולפּטאר און בילדער שני־טצער! און ניט אומזאנסט קען איהם יעדער. ער איז דער ערשטער אין זיין פאך אין דער גאנצער וועלט. ער האט פיעלע סטאטוען און געשניצטע ביל־דער געשאפען, בעזאנדערס צייכנען זיך אויס דיא וועלכע האבען צו טהאן מיט דער געשיכטע פון רוסלאנד, אדער פון דיא אידען. אלס זיינע בעסטע ווערק זיינען בעקאנט „יערמאק“, „פּע־טער דער גרויסער“, „דער אידישער שניידער“ און „ספינאזא“. געבארען וואר ער אין ווילנא אין 1843.

**אפּענהיים מאריטץ**, איז געבארען גע־ווארען נאך אם ענדע פון דעם פאר־לעצטען יאהרהונדערט, ער וואר א איד דורך און דורך, אבוואהל ער איז געוועזן איינער פון דיא גרעסטע קינסטלער אין מאלעריי פון זיינער צייט און וואר פיעלע מאהל איינגעלאדען צו וואהנען צווישען דיא רייכע כריסטליכע חברים, האט ער זעלטען דאס אנגענומען, עס פלעגט איהם אימער ציהען אין דער אידישער גאסס, און פאר זיי פלעגט ער מאלען דיא בעסטע בילדער פון דער אידישער געשיכטע און לעבען, און דערפאר טאקע איז ער געשטארבען א איד איין אביון נאך 83 יאהר פון מא־טערינש.

**אפּפענבאך.** — יעקב אפּפענבאך איז בע־קאנט פאר זיינע אפּערעטען, אין וועל־כע ער איז געווען א מייסטער, ער האט זעהר פיעל פון זיי אנגעשריעבען. פון דער געבורט איז ער א אידישען חזן׳ס א זוהן. געבארען 1819 יוני דעם 21־טען, געשט. אקט. דעם 5טען 1880.

**ארחימעד.** — ארחימעד איז געווען א גריכישער געלעהרטער און ספּעציעל א מאטהעמאטיקער. ער האט פיעל נייעס אויפגעטאהן אין זיין צייט אויף דעם באדען פון מאטהעמאטיקע און פיזיקע, ער האט אויסער דעם געזעץ פון ספּע־סיפיק גראוויטי נאך אנדערע זאכען אויסגעפונען.

---

## ב.

**באבעאוף.** — פראנסוא נאעל באבעאוף איז איינער פון דיא ערשטע פראנצויזי־

שע סאָציאַליסטען, געב. אין יאָהר 1762, ער איז געווען דער ערשטער צו זאָגען, אַז מיט דעם אַראָפּוואַרפען פון דעם קייזער און זיינע פּריצים מיט דיא גלחים, איז נאָך דיא פרייהייט ניט עררייכט געוואָרען. ער האָט אָרגאַניזירט איין אויפשטאַנד געגען דער נייער בורזשואַזיע וועלכע האָט געהאַלטען אין פאַרמירען זיך און ער איז דערפאַר מיט זיינע קאַמעראַדען פאַר'משפט געוואָרען צום טויט דעם 2טען פעברואַר 1797.

באַלזאַק. — האָנאָר דע באַלזאַק האָט פּיעלייכט אָנגעשריבען מעהר ראָמאַנען און געשיכטען וויא אירגענד וועלכער שרייבער פון לעצטען יאָהרהונדערט. ער איז געבוירען געוואָרען אין טור, פראַנקרייך, אין 1794 און געשטאָרבען אין 1855.

באַליוואַר. — סיימאָן באַליוואַר איז דער דזשאָרדזש וואַשינגטאָן פון דיא זיד-אַמעריקאַנישע רעפּובליקען, דורך איהם זיינען בעפרייט געוואָרען פון דעם שפּאַנישען יאָך גרענאַדאַ, באָליוויא, ווענעצועלאַ, פּערו און נאָך אייניגע אַנדערע מדינות. געבאָרען דעם 24טען יולי 1783, געשטאָרבען דעם 17טען דעצעמבער 1830.

באָקאַטשיא. — דזשאָוואַן באָקאַטשיא, איז איינער פון דיא איטאַליענישע ליטעראַטען, וועלכע האָבען זיך געמאַכט וועלט-בעריהמט. אין זיינעם הויפּט-ווערק „דעקאַמעראָן" האָט עס איהם געלונגען פון איין זייט אויפצוצייגען דיא נידעריגקייט און צולאָזענהייט פון דער דאַמאָלסדיגער געזעלשאַפט, און פון דער אַנדערער זייט דיא צרות פון דעם אַנדערען טהייל פון איהר. ער האָט אויך פיעל בייגעטראָגען אין דעם אויפבעוועהרונג און ערקלעהרונגען פון דיא שריפטען פון דאַנטע, וועגען וועלכע ער האָט געהאַלטען פאָרלעזונגען אין דעם אוניווערזיטעט פון פלאָרענציא, ער האָט געלעבט פון 1313 ביז 1375.

באַקונין, מיכאַאיל, (געבוירען 1814 אין טאָרזשאָק אין רוסלאַנד), איז געווען אַן אָפיציער אין דער אַרטילעריע. אין 1841 איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט דער העגעלשער פילאָזאָפיע, האָט אַריבערגעצויגען קיין בערלין, פאָרטצוזעצען זיינע סטודיען. אין 1843 איז ער אַוועק נאָך פּאַריז, וואו ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט פּרודאָן'ס שריפטען. ער איז דאַן אַוועק נאָך דיא שווייץ און אין 1847 איז ער ווידער געווען אין פּאַריז. דאָרט האָט ער געהאַלטען אַ רעדע אויף דעם באַנקעט פון דיא פּאָליאַקען. אויף דעם פערלאַנג פון דער רוסישער רעגיערונג האָט מען איהם אויסגעוויזען פון פּאַריז. נאָך דער פעברואַר רעוואָלוציאָן איז ער צוריקגעקומען אַהין. ער האָט דערנאָך אַנטהייל גענומען אין דיא זאַקסישע אויפשטענדע. דעם 10טען מאַי איז ער פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט. ער איז אָבער איבערגעליפערט געוואָרען צו רוסלאַנד און דערנאָך פערשיקט געוואָרען קיין סיביר. אין 1860 איז איהם געלונגען צו אַנטלויפען און צו קומען אין לאָנדאָן. פון 1860 ביז 1870 האָט ער אָנגעפיהרט אַ קאַמפף געגען מאַרקס'ן אין דעם אינטערנאַציאָנאַל. אין 1872, אויף דעם קאָנגרעס פון האַאַג, איז ער אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט געשריבען אייניגע בראָשורען און מאַסען אַרטיקלען. דאָס בעקאַנטסטע ווערק זיינס איז „גאָט און דער שטאַאַט". אין 1873 האָט ער זיך צוריקגעצויגען אויף זיין ווילא אין לאָקאַרנאַ, און דעם 1טען יולי 1876 איז ער געשטאָרבען.

באָקל. — הענרי טהאָמאַס באָקל איז געבאָרען געוואָרען דעם 24טען נאָוועמבער. פון קליינוויז האָט ער געצייגט זיך צו זיין אַ זעהר סעריעזעס קינד. ער האָט ניט ליעב געהאַט קיין שטיפען און נאָך וועניגער קינדערשפּיעל, ער פלעגט זיך אַרומטראָגען שטענדיג מיט דער ביבעל אָדער וויסענשאַפטליכע ביכער, זיין איינציגע שפּיעל וואָס ער האָט יא ליעב געהאַט איז צו שפּיעלען זיך אין פּרעדיגער, און פלעגט דאַביי האַלטען לאַנגע רעדען. ווען ער איז עלטער געוואָרען, האָט ער זיך שטאַרק גענומען צום שאָך ברעט. ער איז אַנערקענט געוואָרען אַלס דער בעסטער שאַחמאַטיסט פון

דער גאַנצער וועלט, ווען ער איז אַלט
געווען נור 21 יאָהר. זיין הויפּט אויפ־
טהאָן אויף דער ויעלט איז געווען וואָס
ער האָט דיא וועלט געשיכטע גע־
שטעלט אויפ'ן וויסענשאַפטליכען באָ־
דען, און ניט אַלס באַבע מעשה, וויא
זיא איז געווען ביז איהם. זיין בוך
„דיא געשיכטע פון דער ציוויליזאַציאָן
פון ענגלאַנד“ איז ניט מעהר שוין נאָר
געשיכטע, זאָנדערן איין פילאָזאָפישע־
היסטאָרישע בעהאַנדלונג. ער איז גע־
שטאָרבען יונג, 40 יאָהר אַלט אין מאַי
דעם 29טען 1862.

בארנוי, לודוויג, דער בעסטער אוריאל
אַקאָסטאַ אויף דער ביהנע, איז דער
זוהן פון אַרימע אונגארישע אידישע
עלטערן. גלייך נאָך בר מצוה איז ער
אוועקגעגעבען געוואָרען צו איין מויע־
רער (קאַמענטשיק) אין לעהרע, עס האָט
איהם אָבער פון קליינוויים אָן געצוי־
גען צו דער ביהנע; אין 1857 ווען
ער איז אַלט געווען 15 יאָהר, איז ער
אַנטלאָפען קיין וויען צו לערנען זיך,
וויא ער האָט דאַמאָלס געשריעבען צו
זיינע עלטערן, צו ווערען אַ „קאָמע־
דיאַנט“; דיא עלטערן האָבען איהם
דאַן פערשאָלטען דיא יאָהרען און האָ־
בען זיך אָבגעזאָגט אירגענד וואָס האַ־
בען צו טהאָן מיט דעם זוהן, דעם כל
בו'ניק. זייערע קללות זיינען ביינאַהע
מקוים געוואָרען. קיין קאָמעדיאַנט איז
פון איהם ניט ארויס, זאָנדערן איינער
פון דיא גרעסטע דראַמאַטישע שוי־
שפּיעלער דער וועלט. ער איז אָבער
שטענדיג אויף צרות. ל. בארנאַי גיט
זיך פיעל אָפּ אויך מיט זשורנאַליזמוס
און איז בעקאַנט אַלס וויציגער און
ראַדיקאַלער פעליעטאָנען שרייבער. ער
וואר דער גרינדער פון דעם דייטשען
פעראיין פון דיא אַקטיאָרען, וועלכער
האָט פיעל פערבעסערט זייער לאַגע
אין יעדער הינזיכט. געבאָרען וואר
לודוויג בארנאַי דעם 12טען פעברואר
1842.

בוירנס. — ראָבערט בוירנס, איז איינער
פון דיא בעריהמטעסטע שאָטלאַנדישע
פּאָעטען און וואר אין זיינער צייט פון
זעהר אַ ראַדיקאַלער געזינונג, געב. יאַנ.
דעם25טען 1759, געשט. יולי 21טען
1791.

ביזע. — געאָרג ביזע, אָדער מיט דעם
אידישען נאָמען אַלעקסאַנדער לעאָ־
פּאָלד, געב. אין פּאַריז דעם 25טען
אָקט. 1838, איז איינער פון דיא בע־
ריהמטעסטע מוזיקער פון יעצט עבען
אָבגעגאַנגענען יאהרהונדערט. זיין אָפּע־
רא „קארמען“ איז דאָס גרעסטע ווערק
וואָס ער האָט קאָמפּאָנירט און פאַר
וועלכע דיא גאַנצע וועלט קען איהם.
ער איז געווען איינער פון האַלעווי'ס
שילער. געשטאָרבען איז ער גאַנץ
יונג, ווען ער איז קוים 36 יאָהר אַלט
געווען.

בייראָן.—דזשאָרדזש נאָעל גאָרדאָן בייראָן
איז גערעכענט אַלס איינער פון דיא
גרעסטע פּאָעטען פון לעצטען יאהר־
הונדערט, ניט נור אין ענגלאַנד, נאָר
אין דער גאַנצער וועלט. זיין הויפּט
ווערק מיט וועלכען ער האָט זיך אויס־
געצייכענט איז „טשיילד האַראָלד“,
וועלכע איז איבערזעצט יעצט אויף
אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען. ער האָט
געלעבט פון 1788 ביז 1824.

ביעלינסקי. — וויסאַריאָן גריגאָראָוויטש
ביעלינסקי, איינער פון די טאַלענטסט־
פאָללע רוסישע קריטיקער, אין דער
ערשטער העלפט פון לעצטען יאָהר־
הונדערט, האָט געליטען אַ היבשע בי־
סעל צרות זייענדיג שטאַרק פער־
פאָלגט פון דער פּאָליציי און צענזור,
אפילו ווען ער האָט שוין געהאַלטען
ביים שטאַרבען, איז אויף זיין הויז
אָנגעפאַלען אַ גאַנצע באַנדע מיט
זשאַנדאַרמען און מען האָט ביי איהם
געמאַכט איין אָביסק (הויז־זוכונג).

בלאַן. — לאָואי בלאַן, איז בעקאַנט אַלס
דער בעסטער היסטאָריקער פון דער
פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן פון 1848,
אין וועלכער ער האָט גענומען זעהר אַ
גרויסען אַנטהייל. ער וואר איינער פון
דיא הויפּט פיהרער פון דער טעמפּאָ־
רערי רעפּובליקאַנישע רעגיערונג. ער
האָט שטאַרק געהאַלטען פון דעם אז דיא
באַנקען מוזען געבען קרעדיט דיא אַר־
בייטער, וועלכע ווילען זיך פאַרפיהרען
מיט אייגענע געצייג און מאַשינערי.
לאָואי בלאַן איז געווען דער וואָס האָט
געפאָדערט אז דיא רעגיערונגען מוזען
באַזאָרגען דיא אַרבייטסלאָזע מיט אַר־

בייט, און ער וואר דיא אורזאכע וואס דיא פראנצויזישע רעגיערונג האט גע־גרינדעט שטאאט מאסטערסקאיעס (ווערקשטעטטע) געב. אין מאדריד, שפּאַ־ניען דעם 29טען אָקטאָבער 1811, גע־שטאָרבען דעם 6טען דעצעמבער 1882.

בלאַנקי, לואי אוגוסט, איז געבאָרען גע־וואָרען דעם 17טען פעברואר 1805 אין פּיזשע טעניער, פראנקרייך. צו ניינ־צעהן יאָהר איז ער געקומען אין פּאריז, וואו ער האט שטודירט מעדיצין און יורי. ביי דער רעוואָלוציאָן פון 1830 האט ער געקעמפּפט אויף דיא באריי־קאדען. זייט דאן האט ער אנטהייל גענומען כמעט אין אלע אויפשטענדע, און איז איינינגע מאָל פעראורטהיילט געוואָרען צו געפענגניס - שטראפען. אין 1840 האט מען איהם פעראור־טהיילט צום טויט, אָבער ער איז בע־גנאדיגט געוואָרען און מען האט איהם פעראורטהיילט צו לעבענס - לענגלי־כען געפענגניס. ביי דער רעוואָלוציאָן אין 1848 איז ער געוועזן טהעטיג און האט אָרגאניזירט דיא „צענטראלע רעפּובליקאנישע געזעלשאפט“. ער איז דערנאָך פעראורטהיילט געוואָרען צו 10 יאָהר געפענגניס. אין 1859 איז ער ארויס און אין 1861 ווידער פער־אורטהיילט צו 4 יאָהר קערקער. אין 1870, ווען דיא רעפּובליק איז פּראָקלאַ־מירט געוואָרען, האט ער אגיטירט פאר דער סאָציאלער דעמאָקראטיע. ער איז ערוועהלט געוואָרען אלס מיטגליעד פון דער קאָמונע, אָבער איז ארייגעפאלען צו דיא ווערסאליער אין דיא הענד, פעראורטהיילט און בעגנאדיגט געוואָ־רען. אין 1881 איז ער געשטאָרבען אין פּאריז.

בעליני.- בעליני דריי ברידער, יאקאבא, זענטיל און דזשיאָוואני, זעהר בעריהמט אין דער קונסט פון מאָהלען. דער דאַ־טום פון זייער געבורט איז אונבעקאנט, זיי האָבען געלעבט און געוועזן טהעטיג אין דער צווייטער העלפט פון 15טען יאהרהונדערט.

בעלליני. — ווינצענצאָ בעלליני, איינע־ פון דיא גרעסטע קאָמפּאזערס פון דער מאָדערנער ריכטונג. דיא הויפּט־ווערקע זיינען געוועזן דיא פאָלגענדע פּיער אָפּערען: 1) אי מאנטעטשי ע קאפּולעטי (1829), 2) לא סאמאנבולא (1831), 3) אי פּוריטאני (1834) און 4) דיא העכסט פּאָפּולערסטע „נארמא“ (1832). געבאָרען דעם 3טען נאָוועמ־בער 1802, געשטאָרבען סעפּטעמבער דעם 21טען 1835.

בעללאַמי, עדווארד, איז געבוירען געוואָ־רען דעם 29טען מערץ 1850 אין טשי־קאָפּי פאָלס, מאסאטשוסעטס. ער האָט שטודירט אין יוניאָן קאלעדזש אין ניי יאָרק, דערנאָך אין דייטשלאנד יוריס־פּרודענץ און פּאָליטישע עקאָנאָמיע. קומענדיג צוריק אין ניו יאָרק איז ער געוואָרען אדוואָקאט, האָט זיך אָבער באלד גענומען צו זשורנאליזמוס. ער איז געוועזן איינער פון דיא רעדאקטערע פון דער „איוונינג פּאָסט“. שפּעטער האָט ער גענומען שרייבען ביכער. אין 1887 איז ערשיענען זיין ראָמאַן „לוי־קינג בעקווארד“ (בליקענדיג צוריק), וועלכער איז איבערזעצט געוואָרען אין אלע לעבעדיגע שפּראכען און האָט זיך פערברייטעט אין דיא מיליאָנען. דיזער בוך האָט אין זיין צייט אָנגעמאכט אַ זעהר גרויסען רושם אין דער וועלט. צעהן יאָהר שפּעטער האָט ער ארויס־געגעבען זיין צווייטען ראָמאַן „איקוואָ־ליטי“ (גלייכהייט), וועלכער איז איי־געטליך אַ פאָרטזעצונג פון „לוקינג בעקווארד“. אין ביידע ווערקע ענט־וויקעלט בעללאַמי זיין סאָציאליסטישע געזעלשאפטס - אידעאל. טויזענדער אנהייגער האָט ער געהאט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען. זיי האָבען זאָ־גאר געטרייעט צו פערווירקליכען דיא פּרינציפּען וועלכע ער האָט פערטראָ־טען. זיי האָבען געגרינדעט איינינגע קאָלאָניעס, אָבער זיי האָבען זיך אויס־געלאָזט מיט גאָר ניט. ער איז גע־שטאָרבען אין ניו יאָרק אין 1898.

בעקער, יאָהאן פיליפּ, (געב. 1809 אין פראנקענטהאל, דייטשלאנד), האָט אלס קינד געמוזט פערלאָזען דיא שולע און איז געוואָרען אַ בערשטעל - מאכער, צו אונטערשטיצען זיין פּעראָרימטען פּאָטער. אין דיא דרייסיגער יאָהרען האָט ער גענומען אנטהייל אין דער רע־וואָלוציאָנערער בעוועגונג אין דייטש־

לאנד. אין 1832 האָט ער אריבערגע־צויגען נאָך דיא שווייץ, און האָט זיך דערנאָך בעטהייליגט אין דיא מאַי־רעוואָלוציאָן פון זיעד - דייטשלאַנד. וואו ער איז געווען פאָלקס - קאָמאַנ־דאנט פון מעהרערע פאָלקס - טרופּען; האָט גענומען א גרויסען אנטהייל אין דער אינטערנאציאנאלע און איז געבלי־בען אַן איבערגעבענער סאציאל־דעמאָ־קראַט ביז זיין טויט (רעצעמבער, 1886).

בערנע. — בערנע לודוויג, אָדער מיט דעם אידישען נאָמען לייבע ברוך, איז געווען איינער פון דיא גרעסטע פּאָלי־טישע סאַטיריקער. ער איז געווען איי־נער פון דיא שארפזיניגסטע און פריי־זיניגסטע שרייבער זיינער צייט. זיין מאסשטאַב צו מעסטען יעדע זאַך איז געווען נאָר דער, אויף וויפיעל עס ברייננגט נוצען דער פרייהייט, קיין אנדער מאָס האָט ער ניט געוואָלט וויסען, מען האָט דערפאר איהם פאָרגע־וואָרפען, אז ער פערשטעהט קיינע עס־טעטיקע ניט, דאָס וואר איינע פון דיא אורזאכען פון זיין קריעג מיט העגריך היינע, מיט וועלכען ער איז געווען פריהער שטארק בעפריינדעט און גע־ארבייט צוזאמען אין דער בעוועגונג פון „יונג דייטשלאַנד". וועגען בער־נען האָט מען געקענט זאָגען, אז יעדעס שרייבען פון איהם איז געווען איין גרויסע טהאַט. ער פלעגט שרייבען מיט דעם בלוט פון זיין הארצען, מיט דעם זאפט פון זיינע נערוועז, ער פלעגט אין דעם אריינלייגען זיין גאנצע זעעלע, זיין קראַפט. דאָס שרייבען פאר איהם האָט דארום געהייסען קוועהלען זיך און ער פלעגט זאָגען, דאָס ער האָט ניט אימער דעם מוטה זיך מיט דעם שריי־בען צו קוועהלען. געבאָרען וואר ער מאַי 16טען, 1784, געשטאָרבען פעב־רואר 12טען, 1837.

בערענשטיין. — אהרן בערענשטיין איז איינער פון דיא וואָס זיינען אויפגע־וואקסען אויפ'ן תלמוד און האָט גע־זאָלט זין א רב, אנשטאָט דעם איז ער אָבער געוואָרען א גרויסער אפיקורס און האָט געשריבען איבער נאטור ווי־סענשאפט. דיא ביכער זיינען איבער־זעצט אויף פיעלע שפּראכען און זיינען נאָך ביז יעצט דיא בעסטע ביכער וואָס מאכען פּאָפּולער נאַטור - וויסענשאַפט. ער האָט אויך געשריעבען סקיצען פון אידישען לעבען פון וועלכע מיר ווע־לען דערמאָנען דאָ „פייגעלע מגיד" און „מענדעלע גבור". ער וואר זעהר טהע־טיג אין דער ראדיקאַלער בעוועגונג נאָך פאר 1848. א געבאָרענער איז ער פון דאנציג, דייטשלאנד.

בערצעליאוס. — יאן יאקאב בערצע־ליאוס איז געב. אין שוועדען דעם 20 אויגוסט 1779. ער איז געווען איינער פון דיא גרעסטע כעמיקער פון דער וועלט, געשט. אין 1848 דען 7טען אויגוסט.

בראַנדעס. — געאָרג מאָריס קאָהען בראַנדעס, דער זוהן פון דאנישע אי־דישע עלטערן, איז בעקאַנט אַלס איי־נער פון דער שארפזיניגסטע און גייסט־רייכסטע קריטיקער פון דער גאנצער וועלט. זיין הויפּטווערק איז „דיא הויפטשטרעמונגען פון דיא ליטערא־טור פון 19טען יאהרהונדערט". ער האָט בעפעסטיגט, אויב ניט אין גאַנ־צען אויפגעבויט, דעם רעאַליסטישען שטאנדפּונקט פון עסטעטיקע, ער האָט זיך אויך בעריהמט געמאכט, נאָך איי־דער ער האָט געשריעבען דאָס אויבען דערמאָנטע ווערק, מיט זיינע ווערק אי־בער פערדינאנד לאסאַל. געבאָרען וואר ער דעם 4טען פעברואר 1842, ד. ה. ער איז יעצט 60 יאָהר אַלט.

ברונא. — דזשיארדאנא ברונא איז איי־נער פון די הערפאָראַגענסטע קעמפּפער פאר פרייען געדאנק פון 16טען יאָהר־הונדערט, און האָט דאפיר געמוזט באַ־צאָהלען מיט זיין לעבען. ער וואר דער אנגעזעהענסטער פילאָזאָף פון יינער צייט, ער האָט געהאלטען פאָרלעזונגען אין דיא הויפט אוניווערזיטעטען פון אייראָפּא וויא אקספאָרד, פּראג א. ד. ג. ער איז לעבעדיג פארברענט געוואָ־רען פאר זיין אפיקורסות דעם 17טען פעברואר 1600.

ברייאנט. — וויליאם קוללען ברייאנט איז איין אמעריקאנישער פּאָעט, געבארען נאָוועמבער דעם 3טען 1794, געשט. דעם 12טען יוני 1878.

# היט אייער געזונדהייט!

ווען איהר פיהלט אדער ווען אייער דאק־ טאר זאגט אייך אז איהר אדער יעמאנד אין אייער פאמיליע דארף טרינקען א גו־ טען וויין אדער א גוטען קאניאק צום שטארקען און ערהאלונג, דאן זאלט איהר טרינקען נור כרמל וויין אדער כרמל קאניאק, דיא איינציגע וואס וועלען אייך זיכער שטארקען און קרעפטיגען.

## איהר צאהלט פאר גיפט.

פון אלע וויינען און קאניאקס וואס ווערען אנגעבאטען צום פערקויף היינטיגען טאג זיינען כמעט 99 פראצענט געפעלשטע וועלכע ענטהאלטען אין זיך צוגעמישטע שטאפען וואס פערברענען דאס הארץ, פערטומלען דעם מוח און טויטען ביסלעכ־ וויז אלע אברים. וואס מעהר איהר טרינקט אזעלכע משקאות, אלץ מעהר אונטער־ גראבט איהר אייער אייגענע געזונדהייט.

## גאראנטירט און בעשטעטיגט.

דיא כרמל וויינען און קאניאקס זיי־ נען אבסאלוט ריין און אונפערפעלשט. זייער ריינקייט איז גאראנטירט פון בא־ ראן ראטהשילד. פיר זייער ריינקייט און גוטען געשמאק האבען זיי בעקומען דיא גאלדענע מעדאל אויף דיא פאריזער וועלט־ אויסשטעלונג. פיר זייער ריינקייט און גוטסקייט פיר געזונדהייט זיינען זיי אריינגענומען געווארען פיר געברויך אין פאסטער אינסטיטוט אין פאריז, דיא גרעס־ טע באקטעריאלאגיש־מעדיצינישע אנ־ שטאלט אין דער וועלט. זייער ריינקייט איז אנאליזירט און בעשטעטיגט פון דיא גרעסטע פראפעסארען און חעמיקער.

## אונזערע פרייזען מעסיג.

דער פערקויף פון דיא כרמל וויינען און קאניאקס ליעגט ניט אין הענד פון געלדמאכערס. דער איינציגער צוועק פון דיא „כרמל וויין קאמפאניע“ איז בעקאנט צו מאכען דיא גוטקייט פון דיא פראדוק־ טען פון דיא אידישע קאלאניען אין פא־ לעסטינא, אום דאמיט צו פעסטיגען דעם צושטאנד פון דיא אלטע קאלאניען און צו מאכען א וועג פיר נייע. אונזערע פרייזען זיינען דארום זעהר מעסיגע. פיר וויינען וואס קומען פון אזעלכע גוטע טרויבען וויא דער כרמל וויין דארפט איהר אנ־ דערסוואו צאהלען 3 אדער 4 מאהל אזוי פיעל, און דאן איז ער ערשט ניט אזוי ריין וויא כרמל.

## היט אייך פאר פעלשונגען.

היט אייער געזונדהייט, טהוט א טובה זיך זעלבסט, און דאביי וועט איהר אויך העלפען איינע פון דיא נאבעלסטע אידישע בעוועגונגען. פאדערט פון אייערע וויין־ הענדלער נור דיא ריכטיגע „כרמל“ מיט דעם טרייד מארק, זיעגעל, און 9־פארביגען לייבעל פון דיא „כרמל וויין קאמפאניע“.

פרייזליסטען און צייגניססע פון פראפעסארען ווערען געשיקט פריי אויף פערלאנג.

# CARMEL WINE CO.

**311 5th Street, New York City.**

ברענטש: 354 גרענד סטריט. טעלעפאן: 605 ספרינג.

Moses Napelbaum

**Insurance Broker**

FIRE, LIFE, ACCIDENT & PLATE GLASS

For All The Leading Companies.

General Agent for

**NEW YORK LIFE INSURANCE CO.**

Office: 62 BOWERY.
Old Bowery Bank Building.

Residence: 5 SHERIFF ST.,

New York.

א. וואַרטעל'ס

**קלאטהינג סטאר**

94 קאנעל סט., ניו יארק.



איז פאפולער דורך דיא ארענט־
ליכע בעהאַנדלונג, בילינגע פרייז־
זען און גוטע וואַארע.



אלע שעהנסטע סטיילס
אלע לייטעסט פעטערנס

אין קלאטהינג ליין קריעגט איהר ביי

**A. WARTEL**

94 CANAL STREET

NEW YORK.

וואָצו ספענדען 10 סענט
ווענן איהר קריגט פאר 5
סענט א פעקעדזש

**ספעשעל גאָלד פיש.**

און זיי זיינען בעסער וויא
מאַנכע 10 סענטיגע ברענדס.

**KEY OF CUBA**

איז אַ 5 סענטיגער סיגאַרעט
מיט אַ גאָלד טיפ. ווערטה
מעהר.

**GUTTERMAN**

Manufacturer

65-67 Suffolk St., NEW YORK.

**ה. סילעטשניק**

**העטטער**

**85 קאנעל סט.**

ניער עלדרידש סט. ניו יארק.

עס איז דער פלאַטץ וואו דיא
גאַנצע יוגענד פון דיא איסט
סייד קויפען זייערע האַטס.

**H. SILECHNICK,**

העטטער.

85 Canal St., New York.

# אַ בלעטעל געשיכטע . . . . . .

דיא וואָס קענען און געדיינקען דיא איסט סייד פון אמאָהל, קענען זיך גאָר ניט אָבוואונדערן אויף דעם פאָרטשריט, וואָס דיזער געגענד האָט געמאכט פאר דיא לעצטע צעהן יאָהר. פאר דעם גוטען נאמען, וואָס דער אידישער טהייל פון דאון טאון האָט זיך ערוואָרבען, איז אָהן צווייפעל צו פערדאנקען דיא אונערמידליכע ענערגיע און געשעפטספעהיגקייט פון דיא אידישע ביזנעס - לייטע.

נעהמט צום בייספיעל דעם פאָרניטשור ליין. מיט אַ צעהן יאָהר צוריק איז דער גרעסטער פוירניטשור סטאָר פון דיא איסט סייד געווען גרויס ד׳ על ד׳; דיא גרעסטע שטיק פוירניטשור וואָס איהר האָט דאָרט געקענט געפינען, איז געווען עטוואָס וואָס זיי האָבען דאן גערופען א ביוראָ, אָבער וועלכע האָט אין אמת׳ן געהאט אזוי פיעל עהנליכקייט צו אַ מאָדערנע ביוראָ, וויא אַן אַנגעבלאָזענע זשאבע צו אַן עלעפאנט. וואָס איהר האָט דאָרט יא געקענט קריעגען, איז געווען עטליכע ביינקלעך, אַ פּאָר טישלעך און א בעט וואָס האָט זיך אַליין געשאָקעלט.

צו יענער צייט, אין פעברואר 1893, איז געקומען דיא פירמאַ גייגער און בראַוועמאַן, וועלכע האַלטען יעצט זייער פאָרניטשור סטאָר אין גרענד קאָרנער עללען, און האָבען ערעפענט א פוירניטשור סטאָר אין 71 עסעקס סטריט. דער סטאָר איז אפילו ניט געווען קיין גרויסער, אָבער עס איז שוין דאן געווען אן אימפּרואוומענט געגען דיא אנדערע פוירניטשור סטאָרס. זיי האָבען געגומען פיהרען זייער געשעפט אויפן מאָדערנעם אַרט, האָבען אריינגענומען א שעהנערן ליין פוירניטשור און האָבען אין א גאַנץ קורצער צייט געמוזט פערבעסערן זייער געשעפט, צונעהמענדיג אויך דיא סטאָר נומער 73 עסעקס סטריט און גלייך נאָכדעם אויך דעם קאָרנער סטאָר.

דיא הערען גייגער און בראַוועמאַן האָבען זיך אָבער דאַבּיי ניט אָפּגעשטעלט. זייער אויפגאַבע איז געווען צו ערהויבען דעם פוירניטשור געשעפט אויף דיא איסט סייד, צו דיא העכסטע שטופע און דיזע אויפגאַבע האָבען זיי ערפיללט.

יעצט טרעפט איהר דיא פירמאַ גייגער און בראַוועמאַן אויף קאָרנער גרענד און עללען סטריט מיט דעם גרעסטען פוירניטשור סטאָר אויף דיא איסט סייד און מיט זייער ליין פוירנטשור מעג זיך ניט שעהמען דיא רייכסטע סטאָר אין ניו־יאָרק.

ווען רידליי און לאָרד און טיילאָר האָבען זיך בעשלאָסען צו פערלאָזען גרענד סטריט האָבען מאַנכע ערקלעהרט, אַז גרענד סטריט ווערט אויסגעשפּיעלט. זיי האָבען אָבער אַ טעות געהאָט. גרענד סטריט לעבט יעצט ערשט אָפּ, ווייל אידישע געשעפטסלייט פערנעהמען יעצט דעם פּלאַץ פון דיא ניטאידישע. עס פאָדערט זיך אַ אידישער סוחר צופריעדען צו שטעלען אידישע קונים. דעם בעסטען בעווייז דאַצו ליפערט אונז דיא פירמאַ גייגער און בראַוועמאַן פון גרענד קאָרנער עלען סטריט. זייער סטאָר איז איינגעפיקסט אויפ׳ן עכטען מאָדערנעם אמעריקאַנער סטייל, אָבער אַלס אידען ווייסען זיי גענוי וויא מיט אידען אומצוגעהן, און מאַכען דארום פון יעדען קאָסטימער א פריינד, וואָס רעקאָמענדירט זיי מעהר טרייד. אין זייער סטאָר אויף גרענד סטריט קאָרנער עללען סטריט טרעפט איהר.

אויף דעם סטאָר פלאָאָר א ריעזיגען אויסוואַהל פון דיא שעהנסטע סייד באָארדס, לוקינג גלעזעס, קאָמבּינײשאָן בוך־קייסעס, טשייני־קלאָזעטס — אַלעס פון דיא בעסטע אַרבייט און שפעטסטע דעזיינס.

ווען איהר זייט זיך מטריח אַרויפצוגעהן איין פלאָאָר העכער, דערזעהט איהר פאַר זיך אַן עלעקטרישע אויסשטעלונג פון פּאַרלאָר פוירניטשור: פּאַרלאָר סוטס אין ריכטיגע מאהאגאָניע, טשערי, מאהאגאנאזד, פיינע קראומש וועניריגג, פוירל אינלייד. אפּאָלסטערד, לייטעסט דעזיין סילק, סעטין, דאמעסק, טוירקיש טאָפּעסטרי, וואראגע, וועלאור, פּלאש אַלעס אין גרעסטען אַסאָרטמענט; אויך אַ גרויסער אויסוואַהל פון אַנטיק שטיקע און גילט, ווערנים מארטין און מאהאגאניע.

אויפ׳ן דריטען פלאָאָר געפינט איהר אַ גרויסען ליין פון וואררדראָבּס, קאַרפּעטס, ראָגס אין אַלע קוואַליטיעס און לייטעסט דעזיינס.

אויפ׳ן בייסמענט פלאָאָר, וועלכער איז אויך בעלויכטען מיט עלעקטריק, געפינט זיך אַ גרויסער אויסוואַהל פון בּרעס און אייזען בעטען, ספּרינג און האָאָר מאַטראַצען, שיפאָניערס, דרעסערס, אייז־באָקסעס, עקסטענשאָן און פּאַרלאָר טייבּעלס, לאָנדזשעס, קאָוטשעס, טשערס, ראָקערס, אויל קלאָטהס א. ז. וו.

אַלע דיזע זאַכען קריעגט איהר דאָרט צו די א מעסיגסטע פרייזען. אויב איהר ווילט אויספוירניטשען אַ שיינע הויז, אָדער אויב איהר דאַרפט עטוואָס צוקויפען אום אייער הויז זאָל אויסזעהען שעהנער, אַנגענעהמער, אָדער פיעלייכט אַ שיינער וועדינג פּרעזענט פיר אַ פריינד, גייט זיך דורך צו דיא הערען גייגער און בראַוועמאַן אין פוירניטשור סטאָר אויף גרענד קאָרנער עללען סטריט, זייט איהר אויך זיכער אַנשטענדיג און ראַיעל בעהאַנדעלט צו ווערן, ווייל דעם סוקסעס וואָס זייער פוירנטשור געשעפט האָט געמאַכט אין דיא לעצטע צעהן יאָהר, האָבען זיי צו פערדאַנקען זייער ראַיעלע בעהאַנדלונג, ביליגע פּרייזען און פּראָמפּט דעליווערי.

**The Up=To=Date Furniture and Carpet Emporium**

**305=307 GRAND ST.,**

**Corner Allen Street, NEW YORK.**

## ג.

גאלדסמיטה. — אליווער גאלדסמיטה איז אנערקענט אלס איינער פון דיא גרעסטע פאעטען פון דעם 18טען יאהר־הונדערט, ער איז אן איירישער פון געבורט, געלעבט פון 1728 ביז 1774.

גאלוואני. — לואידזשי גאלוואני איז איין איטאליענישער געלעהרטער, וועלכער האט פערבראכט זיין לעבען אין שטודירען דיא ווירקונג פון עלעקטריציטעיט אויף דיא נערווען און מוסקולען פון בעשעפעניסען. זיינע ערפינדונגען איבער עלעקטריציטעט זיינען אבער ניט געווען ריכטיג געשעצט אין זיין צייט. דיא עלעקטריציטעט, וועלכע ער האט בעשריבען טראגט יעצט דעם נאמען „גאלוואניזם". ער איז געשטארבען אן ארימאן אין יאהר 1785 געב. וואר ער אין יאהר 1737.

גאלילעא. — גאלילעא האט געלעבט 78 יאהר פון 1564 ביז 1642. ער האט וויסענשאפטליך בעגרינדעט דאס וואס מיט איין יאהרהונדערט פאר איהם האט ספעקולאטיוו און טהעארעטיש קאפערניק בעהויפטעט, נעמליך, דיא בעוועגונג פון דער ערד און פארשידענע פלאנעטען ארום דער זון, ער האט אויך פיעל פערבעסערט דעם טעלעסקאפ, דעם הויפט אינסטרומענט פון דיא אסטראנאמען, האט ערפונדען איין טהערמאמעטער און א מאיאטניק (פענדולום) אויף וועלכען מען האט געקענט מעסטען דעם פולס ביי מענשען. ער האט פארגעזאגט אז מיט איהם וועט מען אמאל קענען מעסטען דיא צייט. האט אויסגעפונען אז ארום דעם שטערען יופיטער געהען ארום 4 לבנות א. ז. וו. פאר זיינע ערפינדונגען האט איהם דער פאפסט פון רוים אריינגעלעגט אין חרם און געסטראשעט מיט טויטען שטראפע דורך פייער, זיין ענטפער אויף דעם „און זיא בעוועגט זיך דאך" איז יעצט געווארען היסטאריש און אלגעמיין בעקאנט.

גאלען. — קלאודיאוס גאלען איז איינער פון דיא ערשטע ערצטע, וועלכע האבען גוט דורכשטודירט דיא אנאטאמיע פון דעם מענשען און האבען אוועקגעשטעלט דיא מעדיצין אויף א וויסענשאפטליכען שטייגער. ער האט געלעבט און פראקטיצירט אין רוים, ער איז אבער געבארען אין קליין אזיען אין יאהר 132 נאך קריסטוס'ען און איז געשטארבען אונגעפעהר 70 יאהר שפעטער

גאריבאלדי. — דזשוזעפע גאריבאלדי דער רעוואלוציאנערער פיהרער פון איטאליען אין דיא 50גער און 60גער יאהרען פון לעצטען יאהרהונדערט קען מען אנרופען דער פעראייניגער פון גאנץ איטאליען. ביז זיין צייט אין דעראפעננער האלב אינזעל און דיא אינזלען ארום געווען צוטהיילט אויף קליינינקע קעניגרייכען און רעפובליקען, אבער איבער זיי אלע האט געהערשט דעם פאפסט'ס האנד. אייניגע מאל האט ער ארגאניזירט אויפשטענדע, אבער עס האט איהם ניט געלונגען, און יעדעס מאל פלעגט מען איהם פערווארטהיילען און ער פלעגט מוזען אנטלויפען, זיך בעהאלטען און אויסווארטען ביז א גינסטיגען מאמענט. ער איז אויך געווען א לאנגע צייט אין אמעריקא, האט אנטהייל גענומען אין פערשידענע מלחמות אין זיד־אמעריקא, און האט אויך געוואהנט אין סטעטען איילאנד לעבען ניו־יארק, וואו ער איז געווארען איין אמעריקאנער סיטיזען. ער האט געלעבט פון 1807 ביז 1882.

גוטענבערג. — דזשאן גוטענבערג איז דער גרינדער פון דער דרוקעריי קונסט. ביז איהם פלעגט מען אויך דרוקען, אבער דאס גאנצע ווערק פלעגט זיין אויסגעקריצט אויף איין שטיין נאך דעם פלעגט מען דאס אבדרוקען; צוליעב דיא שווערקייט פון דעם האט מען קיינע גרויסע ווערקע ניט געקענט דרוקען. גוטענבערג האט אויסגעטראכט דאס יעדער אות זאל זיין בעזונדער, און ווען מען דארף זאל מען צוזאמענשטעלען דיא אותיות און מיט זיי דרוקען. דאס איז פיר בילדונג געווען דיא גרעסטע ערפינדונג, ווייל גרויסע ביכער איז געווארען א מעגליכקייט צו דרוקען און דאס האט נאך דערצו געקאסט פיעל ביליגער וויא פריהער, דאס האט געגעבען פיעלען א מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט

ביכער. גוטענבערג איז געבאָרען גע־
וואָרען פון רייכע עלטערן אין מאַינטץ,
אין 1410, געשטאָרבען אָבער איז ער
אַ קבצן אין פעברואַרי 1468. דאָס
ערשטע בוך וואָס ער האָט געדרוקט
איז געווען דיא ביבעל אין יאָהר 1455.

גלינקא.— מיכאאיל איוואנאָוויטש גלינ־
קא, ווערט גערעכענט אלס איינער פון
דיא הויפט־רוססישע קאמפאזיטארען,
ער איז דער אויטאר פון דיא אפערן:
„זשיזן זא צאריא“ און „רוסלאן אי
ליודמילא“, וויא אויך איין אווערטורע
און 4 צווישען אקט מוזיק צו קוקאל־
ניקס דראמא „פרינץ חאלמסקי“, ער
האָט אויך געשריעבען פיעלע קליינע
זאכען, צווישען וועלכע איז דיא וועלט
בעריהמטע „קאמארינסקאיא“, געלעבט
האָט ער פון 1804 ביז 1857.

גלינקא.— צוויי ברידער גלינקא, סער־
געי און פיאדער ניקאלאיעוויטש, ביי־
דע וואָרען אנפאנגס אין מיליטער־
דיענסט, זיי האָבען דאס אבער נאָכ־
הער אויפגעגעבען, און זיך בעשעפ־
טיגט נור מיט ליטעראטור, דער על־
טערער סערגעי איז מעהר בעוואוסט
אלס ליטעראט וויא דער יונגערער
פיאדאר. אין 1812, ווען נאפאלעאן
איז בעפאלען רוססלאנד, איז פיאדאר
אריין צוריק אין דיענסט, און האָט זיך
זעהר אויסגעצייכענט אין דער מלחמה,
ער האָט זיך אָבער, זעהענדיג דיא
מענשען אפפער און גראבע בעהאנד־
לונג אין מיליטער לעבען, פערכאפט
מיט רעוואָלוציאנערע אידעען, און
ניט פערלאזענדיג דעם דיענסט, האָט
ער גענומען רעגען אנטהייל אין דער
בעוועגונג, וועלכע האָט זיך געענדיגט
מיט דעם באריהמטען פראצעס פון די
דעקאבריסטען. ער וואר פארשיקט קיין
פעטראזאוואדסק אויף לעבענס־לאנג,
מען האָט איהם אבער צוריק געקעהרט
אויף דער עלטער, אַ קראנקען, אין זיין
היימאטה, אין אַ דארף, לעבען סמאָ־
ליענסק, דארט איז ער אַ דערשלאגע־
נער, אַ קראנקער, געשטארבען אין
יאהר 1849. געב. וואר ער אין 1788.
זיין ברודער סערגעי האָט געלעבט פון
1774 ביז 1847.

געטהע. — יאהאן וואלפגאנג געטהע איז
דער גרעסטער פּאָעט־פילאסאף זייט
דאנטעס צייטען. דאָך טראָץ זיין גרוי־
סען פרייזינן אויף דעם באָדען פון פי־
לאָזאָפיע, איז ער געווען אין פּאָליטיק אַ
שטרענגער קאָנסערוואטאָר. זיין פאָטער
איז געווען דער קאנצלער פון דער דייט־
שער אימפעריע. ער האָט ניט געגלויבט
אין דיא וואהרהאפטיגקייט פון דער
רעוואָלוציאנערער בעוועגונג, וועלכע
האָט דעמאָלט געהאלטען אין אויפ־
פלאקערען אין פראנקרייך, ער האָט
שטארק מורא געהאט אז דיא בעוועגונג
זאָל זיך ניט אריינכאפּען אין דייטש־
לאנד; ער האָט פאָרגעצויגען אז נאפּאָ־
לעאָן זאָל ליעבער זיין ערפאָלגרייך,
איידער דיא רעוואָלוציאָנערע רעפּובּלי־
קאנער, וועלכע ער האָט געזאָגט, האנד־
לען נאָר צוליעב זייער קליינליכען עהר־
גייץ, דאָס איז געווען דיא אורזאכע
וואָס ער צוזאמען מיט שיללערן האָבען
זיך אַ נעהם געטאָהן צו רעפאָרמירען
דאָס „בעסערע“ טהייל פון דייטשלאנד.
פון זיינע הויפּטווערקע וועלען מיר
עררינערן „פאוסט“ „געטץ פון בער־
ליכינגען“ „עגמאנט“ און „טאססא“.
ער האָט געלעבט פון 1749 ביז 1832.

גראַטקאָו, פּאול, (געבוירען 1846, גע־
שטאָרבען 1899), איז אין דיא זיבע־
ציגער יאָהרען געווען טהעטיג אין דעם
אלגעמיינעם דייטשען ארבייטער־פער־
איין. ער איז פערפאָלגט געוואָרען פון
דער דייטשער פּאָליציי און איז איינינע
מאָל געזעסען אין געפענגניס פאר זיין
סאָציאליסטישער טהעטיגקייט. ביים
ענדע פון דיא 70טער יאָהרען איז ער
געקומען נאָך אמעריקא. אין שיקאגאָ
האָט ער רעדיזשירט דיא „ארבייטער־
צייטונג“ און דעם „פאָרבאָטען“. דער־
נאָך איז ער געווען רעדאקטאָר פון אַן
ארבייטער־בלאט אין מילוואָקי, און
ענדליך האָט ער רעדיזשירט אין סאַן
פראנציסקאָ דיא „קאליפאָרניער אר־
בייטער צייטונג“.

גרילי. — האראס גרילי איז געבאָרען
געוואָרען אויף אַ פארם אין
ניו־ענגלאנד. פון דיא גאנץ
יונגע יאהרען האָט ער זיך בעשעפטיגט
אלס פרינטער. ווען ער איז עלטער גע־
וואָרען האָט ער זיך גענומען צום ארויס־

געבען וועכענטליכע צייטונגען, עס איז
איהם אָבער געגאַנגען זעהר שלעכט, ביז
ער האָט אָנגעפאַנגען ארויסצוגעבען דיא
טעגליכע טריביון, זיין טאַלאַנט אַלס
זשורנאַליסט איז נאָך בעמערקט געוואָ־
רען אין זיינע קליינע צייטונגלאַך. זיין
הויפּט טעהטיגקייט איז אָבער געוועזן
זיין אַנטהייל אין דיא גרינדונג פון קאָ־
מוניסטישע קאָלאָניעס און זיין אַגיטאַ־
ציאָן געגען דער שווארצער שקלאַפעריי.

---

## ד.

דאַנטע. — דאַנטע אדער אליגיערא די־
ראַנטע, איז געבוירען אין מאַי 1265,
אין פלארענציא, איטאַליען. ער איז גע־
רעכענט נישט נאר אַלס גרעסטער־
פאעט פון איטאַליען, נאר אויך איינער
פון דיא דריי גרעסטע פון דער גאַנצער
וועלט (האמער, שעקספיר און דאַנטע)
ער איז געוועזן אַ פרייהייטס קעמפפער,
און פאר דעם האָט מען איהם דריי
מאָהל פעראורטהיילט פארברענט צו
ווערען, צום פיערטען מאָהל אָבצוהאַ־
קען דעם קאָפּ. ניט נאר איהם, נאר
אויך זיינע צוויי זיהן. דאַנטען האָט
עס אָבער אימער געלונגען צו אַנטלוי־
פען. זיין קאַמפּף האָט ער געפיהרט
מייסטען מיט דעם פאפּסט און דעם
איטאַליענישען מאָנאַרך, וועלכער האָט
בעזיעגט דיא רעפּובליקאַנישע שטאַט,
אין וועלכער דאַנטע איז געבוירען גע־
ווארען, און אין וועלכער ער איז געוועזן
איינער פון דיא הויפּט אויפזעהער
(פריארס) איבער איהר. זיין הויפּט
ווערק איז „דיא הייליגע קאמעדיע“,
ער איז געשטארבען אין סעפּטעמבער
1321, אין דער רעפּובליק ראַווענאַ,
דעם ערי מקלט פון אַלע פּאָליטישע
פארברעכער פון יענער צייט, 20 יאהר
נאָך זיין טויט, ווען דיא גאַנצע ציווי־
ליזירטע וועלט פון יענער צייט האָט
געהערט זיין נאָמען, האָט מען אין רויב
זיין געדעכטניס אריינגעלייגט נאָך א
מאָל אין חרם, און פארברענט אַ טשי־
טשעלע פון איהם.

דאַניצעטי. — געטאַנא דאַניצעטי איז
איין איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר, ער
איז דער אויטאָר פון מעהרערע אָפּערען,
צווישען וועלכע דיא פּאָפּולערסטע זיי־
נען „ליודשיא דעלאַמערמור“, לוקרע־
טשיאַ באָרדזשיאַ“, וויא אויך דיא קאָ־
מישע „דאָן פּאַסקאַל“. געלעבט פון
1798 ביז 1848.

דאַרווין. — טשאַרלעס דאַרווין איז איי־
נער פון דיא גרעסטע נאַטור - פאָרשער,
איז געבאָרען געוואָרען אין ענגלאַנד אין
יאָהר 1809, זיינע פאָטער און זיידעס
זיינען אַלע געוועזן גרויסע געלעהרטע.
טשאַרלס דאַרווין האָט זיי אַלעמען אי־
בערשטיגען. זיין הויפּט אויפטהאָן אין
וויסענשאַפט איז געוועזן אויפצוצייגען,
אַז צווישען אַלע בעשעפּעניסען און
פלאַנצען עקזיסטירט אַ קאַמפּף פאר
עקסיסטענץ, און דיעזער קאַמפּף איז
ניט בלויז צווישען בעשעפּעניסען פון
איין סאָרט מיט בעשעפּעניסען פון
איין אַנדערער סאָרט, זאָנדערן אויך
צווישען גאַנץ עהנליכע בריאות אָדער
פלאַנצען, און אין דיזען קאַמפּף שטאַר־
בען אויס דיא שוואַכערע און דיא פּאָ־
ראָדע ווערט פערבעסערט, און אַז צו־
ליעב דיעזען קאַמפּף ווערען ענטוויי־
קעלט פון גאַנץ נידריגע פּאָראָדעס אַלע
העכערע און העכערע, דאָס דער מענש,
וויא ער איז יעצט, איז אויך איין פּראָ־
דוקט פון זיין קאַמפּף מיט מיטמענשען,
און נאָר אין דיעזען קאַמפּף האָט ער
ערגרייכט זיין יעצטיגע שטופע פון
ענטוויקלונג. דאַרווין אין זיין פּריוואַט
לעבען איז געוועזן זעהר איין ערהאַבענע
און גוטע נאַטור, זעהר איין פלייסיגער
מאַן און פלעגט זעלטען ווען פארברייג־
גען אַ ביסעל צייט אָהנע וואָס נאָכצו־
פאָרשען נאָך נייעס אין זיין פעלד פון
וויסענשאַפט. דאַרווין איז געשטאָר־
בען דעם 19טען אַפּריל 1882.

דזשאָרדזש, הענרי, איז געבוירען דעם
2טען סעפּטעמבער 1839 אין פילאַ־
דעלפיאַ. צו זעכצעהן יאָהר איז ער
געוואָרען אַ שריפטזעצער, דערנאָך אַ
מאַטראָז, ווידער אַ שריפטזעצער, דער־
נאָך אַ גאָלד - מיינער אין קאַליפאָר־
ניען און ענדליך אַ זשורנאַליסט. אין
סט. פראַנציסקאָ האָט ער ארויסגעגע־
בען אַ צייטונג, האָט פערלאָרן זיין פער־
מעגען און האָט אָנגענומען אַ שטעלע
ביים גאָווערנאָר. אין 1878 האָט ער
געשריבען זיין בוך „פּאָרטשריט און

ארמוטה". ער האָט זעהר שטאַרק אַגי־טירט פאַר דיא „סינגל טעקס פּאַרטיי". דערנאָך האָט זיך געגרינדעט אַ „דזשאָרדזש - פּאַרטי". אין 1886 איז ער געלאָפּען פאַר מעיאָר פון ניו יאָרק, האָט געקראָגען איבער 67 טויזענד שטימען. ער איז געשטאָרבען אין אָק־טאָבער 1899 אין ניו יאָרק.

**דזשענער.** — דר. עדוואַרד דזשענער איז איין ענגלישער אַרצט, וועלכער האָט ערפונדען און איינגעפיהרט דיא מיצ־טהאָדע פון שטעלען פּאָקען אום זיך צו פערהיטען פון דיעזען פּלאַג, וועלכע האָט אַזוי פיעל מענשען פריהצייטיג אָפּגענומען דעם לעבען. גב. מאַי 17טען 1749 גשט. יאַנואַר דעם26טען 1823.

**דידעראָ.** — דענס דידעראָ האָט ערהאַל־טען זיין בילדונג אין דיא שולען פון דיא יעזואיטען, ער איז אָבער געוואָרען איין פריידענקער. ווען ער איז געוואָ־רען איין ליטעראַט, האָט ער אָנפאַנגס זיך אין גאַנצען אָבגעגעבען דעם קאַמפּף געגען אַלע אַלטע פאַלש־קייטען און האָט זיך בעשעפטיגט מיט אויפבויען עטוואָס נייעס, וואָס זאָל האָבען אַלס באָדען דעם ריינעם פער־שטאַנד. זיין הויפּט אויפטהאָן איז געווען איין ענציקלאָפּעדיע, וועלכע איז געווען דיא ערשטע אין דער וועלט, וואָס מעג טראָגען דעם נאָמען פון ענצי־קלאָפּעדיע. געלעבט האָט ער פון 1713 ביז 1784.

**דיקענס.** — טשאַרלעס דיקענס ווערט גערעכענט אַלס דער בעסטער נאָוועל־ליסט אין ענגלאַנד, זיינע ווערקע האָבען אַ גוטען שם אין דער גאַנצער וועלט. צו איהם קען מען נאָר אַמאָל ווען ניט ווען פערגלייכען איין אַנדערען ענגלי־שען שרייבער טהעקערי, ביידע פון זיי האָבען פיעל געשריעבען און אין דעם זעלבען זינן. דער אונטערשיעד איז אָבער אין דעם, דאָס ביי דיקענס קומט אויס זיין וויץ און הומאָר גלאַט און עדעל, ווען ביי טהעקערעי איז ער אָפט צו שאַרף, זאָגאַר ציניש. דיקענס'ס ווערקע צייכנען זיך נאָך פיעל אויס מיט דעם וואָס בייגאַהע יעדער קאַפּי־טעל פון זיינער אַ נאָוועללע איז אַ גע־פינישטע זאַך, און קען אַן און פיר זיך זיין אינטערעסאַנט, אונאַבהענגיג פון דעם גאַנצען ראָמאַן. דיקענס איז אויס־געוואַקסען ביי אָרימע עלטערען אין שטוב, ער האָט אָבער פון קינדהייט אָן געצייגט איין ליעבע צו בילדונג און פלעגט ספּענדען זיינע סייווינגס אַלס קינד אויף ביכער. זיינע בעסטע ווער־קע ווערען גערעכענט: „דיא פּיקוויק פּייפּערס" און דיא „בליעק הויז". ער האָט געלעבט פון 1812 ביז 1870.

**דעפאָע.** — דניאל דעפאָע, איז דער אוי־טאָר פון ראָבינזאָן קרוזאָ, געב. אין 1660 אָדער 1661, געשט. אַפּריל 26טען 1730.

**דעקאַרט.** — רענער דעקאַרט איז איינער פון דיא פאָרלויפער פון דער מאָדער־נער פילאָסאָפיע. ער איז געווען איי־נער פון דיא ערשטע צו ערקלערען, אַז אַלעס איז בעשאַפען געוואָרען ניט אויף איין מאָל, זאָנדערן דורך דעם לאַנגען פּראָצעס פון עוואָלוציאָן. געב. אין פראַנקרייך דעם 31טען מערץ 1596, געשט. פעב. 11טען 1650.

---

## ה.

**האַסענקלעווער.** — פ. האַסענקלעווער איז געווען איין מיטגליעד פון דעם דייטשען רייכסטאַג, ערוועהלט אַלס קאַנדידאַט פון דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע פּאַרטיי. ער איז געווען איין אָנגעזעהענער ליטעראַט און האָט פיעל געשריעבען פאַר דעם בערלינער „פאָר־ווערטס" און דיא „נייע צייט". געשט. אין 1889.

**האַרוויע.** — וויליאַם האַרוויע איז גע־ווען דער יעניגער, וועלכער האָט פאַל־קאָמען איבערצייגט וויא אַזוי דאָס בלוט צירקולירט איבערן גאַנצען קער־פּער און וויא אַזוי דאָס האַרץ ווירקט, אויסער דעם האָט ער נאָך זעהר פיעל געשריעבען וועגען ביאָלאָגיע און עמ־בריאָלאָגיע. ער איז געבאָרען אין ענג־לאַנד אין יאָהר 1578 גשט. אין 1657.

**הומבאָלד.** — פריעדריך היינריך אַלעק־סאַנדער הומבאָלד, איז געווען אַ באַראָן פון געבורט. ער האָט בעקומען דיא העכסטע בילדונג, וואָס מען האָט נאָר געקענט קריגען אין זיין צייט. ער האָט

זיך אויסגעצייכענט אלס געלעהרטער ביינאהע אין אלע אבטהיילונגען פון וויסענשאפט, ער איז געווען נאטורפאָר־שער, אסטראָנאָם, געאָגראַף א. ז. וו. זיין בוך „קאָסמאָס“ איז איבערזעצט אין אלע אייראָפּעאישע שפּראַכען. ער האָט געלעבט פון 1769 ביז 1859.

הוסס. — יאָהאַן הוסס איז דער ערשטער רעפאָרמאַטאָר און פּראָטעסטאַנט געגען דיא שענדליכע אויפפיהרונגען פון דער קאַטוילישער קירכע. ער איז געבאָרען אין באָהעמיען אין דעם דאָרף הוססי־נעץ אין יאהר 1369. אָבוואָהל א זוהן פון אָרימע בויערען, איז דאָך איהם גע־לונגען צו בעקומען זעהר א הויכע שוהל בילדונג און ער איז געוואָרען דער רעק־טאָר פון דעם אוניווערזיטעט אין פּראג. פאר זיינע רעדען און שריפטען איז ער עטליכע מאָהל געלייגט געוואָרען אין חרם; זיין פּאָפּולאַריטעט ביים פּאָלק און דיא מאגנאטען איז געווען אזוי גרויס אז דער פּאַפּסט האָט מיט איהם גאָר ניט געקענט מאַכען. ענדליך אין דעם יאָהר 1415 איז דאָס געלונגען גע־וואָרען דיא קאַטוילישע גלחים איהם צו פערנאַרען אויף א קאָנגרעס, ווייט פון זיין היימאַטה, וואו מען האָט איהם דאָרט געכאַפּט, אריינגעוואָרפען אין תפיסה און נאַכהער א לעבעדיגען פער־ברענט.

היינע. — העינריך היינע ווערט גערע־כענט אלס דער צווייטער ליריקער פון דעם 19טען יאָהרהונדערט. אין איהם אלס פּאָעט שפּיגעלט זיך אָב דיא איבערגאַנגס שטופע פון דער ראָמאַנ־טישער עפּאָכע צו דער רעאַליסטישער. אויסער פּאָעזיע האָט ער אויך געשרי־בען פיעלע סאטירישע זאכען, ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אריינ־געבראַכט דעם פעליעטאָנען־סטיל פון שרייבען אין דער דייטשער ליטעראַ־טור. זייענדיג א טהעטיגער מיט־קעמפּ־פער פון „יונג דייטשלאַנד“ איז איהם אויסגעקומען צו זיין פיעל פערפאָלגט דיא בורזשואזיע און ביוראָקראַ־טיע פון זיין פאטערלאנד האָט זיך נאָך ביז יעצט ניט פאמירעט אפילו מיט דעם געדעכטניס וועגען איהם. טראָטץ דעם וואָס ער איז איינער פון דיא גרעסטע פּאָעטען פון דייטשלאַנד, איז דאָרט אין ערגעץ ניטאָ אן פּאָמ־יאַטניק (געדיינק צייכען) וועגען איהם. דער גרעסטער און שעהנסטער אנדענ־קונגס צייכען געפינט זיך דאָ אין ניו־יאָרק, דאָס איז דער זעלבער, וועלכען דייטשלאנד האָט ניט געוואָלט אָנ־נעהמען, און האָט נאָך דערצו פערבאָ־טען איהם צו שטעלען אויף איהר לאַנד.

הלוי. — יהודה הלוי אָדער מיט דעם אראבישען נאָמען אבול האססען איז איינער פון דיא נייע העברעאישע דיכ־טער, טראָץ דעם וואָס ער האָט גע־שריבען אויף דיזער שפּראַך, איז ער דאָך געוואָרען איין וועלט בעריהמט־הייט אין דער ליטעראַטור, היינע און געטהע, דיא צוויי גרעסטע ליריקער פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט, זיינען געווען זיינע שטארקסטע בעוואונדערער יהודה הלוי האָט אויך געשריבען אי־בער רעליגיאָן און פילאָסאָפי, דאָס אָבער שוין אין דער אראבישער שפּראַך. געבוירען וואר ער אין 1085 אין שפּאַניען, און וויא דיא מייסטע פון דיא געלעהרטע יודען פון זיינער צייט, האָט ער אלס פּראָפעסיאָן געהאַט דאָקטאָריע.

הלוי. — יעקב פראמענטהאל אלי הלוי, שטאמט פון אידישע עלטערן. געב. אין פּאַריז דעם 27טען מאי 1799. אוי־סער דעם וואָס ער איז געווען איינער פון דיא גרעסטע קאָמפּאָניסטען אין זיין צייט, איז ער נאָך געווען באמערקונגס־ווערטה פאר דעם וואָס ער איז געווען איין פרייזיניגער. אין זיין אָפּערא „דיא יודין“, וועלכע האָט איהם געמאַכט וועלט בעריהמט, צייגט ער אויף וויא דער רעליגיעזער פאַנאַטיזמוס ער־שטיקט דיא בעסטע געפיהלען. צווי־שען זיינע שילער געפינען מיר אזוינע בעריהמטהייטען וויא גונאָ, ביזע, מאַ־סענע און נאָך אנדערע. ער איז גע־שטאָרבען מארטש דעם 17טען 1862.

העגעל. — געאָרג פרידריך ווילהעלם הע־געל אלס פילאָזאָף און געלעהרטער ווערט פון פילע גערעכנט אלס דערפאָר־לויפער פון קארל מאַרקס. ער איז אָבער פון יענע אונגליקליכע פילאָזאָפען וואָס

ביינאהע יעדע פארטיי און יעדע שוהליץ רעכענט פאר זייער אייגענעם. און זעהט אימער ערקלעהרען זייערע לעהרען אויף העגעל'ס סמיכות; אפילו דיא פער־שפרייטער פון דער וועלט־בעריהמטער פינסטערנים, בעקאנט אונטער דעם נאָ־מען „קריסטיאן סייענס" האָבען אויך אויף איהם א חזקה. העגעל אליין פלעגט זאָגען אז ער האָט נאָר איין שילער, וועלכער פערשטעהט זיין פילאָזאָפיע, און יענער שילער פערשטעהט עס אויך ניט גאנץ ריכטיג. העגעל איז געב. אין שטוטגארט דעם 27טען אויגוסט 1770, געשט. 24טען נאָוו. 1831.

**הענאך.** — עדוואַרד הענאך איז נאָך יעצט גערעכענט אלס דער גרעסטער ספּע־ציאַליסט אין דער וועלט אויף קינדער־קראנקהייטען. ביז ניט לאנג איז ער געוועזען דער דירעקטאָר פון דער הויפּט קליניק פאר קינדער קראנקהייטען אין בערלין. געב. דעם 16טען יולי, 1820.

**הענלע.** — פרידריך גוסטאוו יעקב הענ־לע געב. יולי דעם 9טען 1809 איז איי־נער פון די גרינדער פון ראציאנאליסטי־שער מעדיצין און ער איז געוועזען איי־נער פון דיא געלערענטסטע אנאטאמען פון זיין צייט. געשטאָרבען אין מאי 13טען, 1885.

**הענרי.** — פּאטריק הענרי איז איינער פון דיא אמעריקאנישע פּאטריאָטען און פרייהייטס־קעמפּפער. זיינע ווערטער „גיט מיר פרייהייט אָדער גיט מיר טויט" זיינען בעקאנט יעדען סקוהל בּאָי. ער איז געוועזען איינער פון יענע סאָרטען מענשען, וואָס דענקען ניט פון א נאָמען, קוקען ניט אויף כבוד און נאָך ווייניגער האַלטען זיי פון געלד, פיעלע מאָהל האָט מען איהם געאָפּפערט נאָמינאַ־ציאָן פאר הויכע שטעלען אין דער יונגער רעפּובליק, און ער האָט זיך מייסטענטהיילס אָפּגעזאָגט. דזשאָרדזש וואשינגטאָן האָט איהם געוואָלט מאכען פאר א סעקרעטערי אָף סטייט אין זיין קאַבינעט, הענרי האָט עס ניט אָנגענו־מען. פּרעזידענט עדעמס האָט איהם געוואָלט שיקען אלס געזאנדטען נאָך פראנקרייך, הענרי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם אויך א. ז. וו. פון אַנדערע שטעלען. הענרי איז געוועזען א זוהן פון א לעהרער, געב. אין סטייט ווירדזשי־ניא אין יאהר 1736 געשטאָרבען אין 1799.

**הערדער.** — דזשאָן גאָטפריעד הערדער איז געוועזען איין אָרימען גלח'ס א זוהן און אליין א גלח און לעהרער אין ריגא, רוסלאנד. ער איז איינער פון דיא וואָס האָבען געשטעלט דיא דייטשע ליטעראַ־טור אויף דיא אייגענע פיס, ביז איהם איז דיא מאָדע נאָכצומאכען דיא פראנ־צויזישע ליטעראטען געוועזען שטארק פערשפרייט אין דייטשלאנד, איהם מיט זיינע פריינד לעססינג, געטהע און אנדערע איז דאָס געלונגען אָפּצושאפען דיא מאָדע. הערדער האָט זעהר פיעל געשריעבען איבער פילאָזאָפיע, קריטי־קען איבער ליטעראטור און טהעאָלאָגיע. ער איז געוועזען איין ליעבהאָבער פון העב־רעאישע פּאָעזיע, און האָט אָנגעשריע־בען וועגען איהר א בוך. געלעבט האָט ער פון 1744 ביז 1803.

**הערוועג**, געאָרג, (געבוירען 1817, גע־שטאָרבען 1875), דייטשער דיכטער און רעוואָלוציאָנער. ער איז געוועזען טהעטיג אין דעם אויפשטאנד פון 1840 אין באדען און האָט געמוזט אנטלויפען קיין פאריז. פיעלע פון זיינע רעוואָ־לוציאָנערע ליעדער ווערן דעקלאמירט אויף סאָציאליסטישע פערזאמלונגען און זיי זיינען פול מיט פייער און בע־גייסטערונג.

**הערצעל.** — דר. טהעאָדער הערצעל איז ניט קיין ראבינער אָדער רעווערענד, וויא פיעלע דענקען וועגען איהם, ער איז א יוריסט, וועלכער בעשעפטיגט זיך ניט מיט לאָא. ער איז דער גרינדער פון דעם ציוניזמוס און אויך דער הויפּט פיהרער פון דיא ציוניסטען. ער איז בעקאנט אין דער ליטעראטור אלס דראמען שרייבער און איז א מיט־אַר־בייטער אין אייניגע בעוואוסטע איי־ראָפּעאישע צייטונגען. פערהעלטנים מעסיג איז ער נאָך א יונגער מאן.

**הערצען.** — אלעקסאנדער הערצען איין רוסישער שריפטשטעלער און סאָציא־ליסט, וועלכער האָט פערספענדט זיין גאנצען לעבען און פערמעגען אויף דער בעוועגונג. ער איז פון רוסלאנד אַנט־לאָפען און האָט אין אויסלאנד ארויס־

געגעבען פיעלע שריפטען. ער וואר דער אליינינגער ארויסגעבער און רעדאקטאר פון דעם וועלט בעריהמטען „קאלאקאל" (דיא גלאקע) ער איז געב. אין 1812 גשט. 1870.

הערשעל. — פרעדעריק וויליאם הערשעל איז איינער פון דיא גרעסטע אסטראנאמען פון דעם אנפאנג פון לעצטען יאהרהונדערט. איהם האט עס געלונגען צו בעווייזען אז צווישען דיא אלע קליינע שטערענדלאך וואס מיר זעהען איז דא טויזענדער זונען, וועלכע האבען ארום זיך ארום דרעהען פערשיעדענע פלאנעטען גראדע אזוי וויא אונזער זונן. איהם האט עס אויך געלונגען אויסצוגעפינען א נייע פלאנעטע (אוראנוס) וואס האט ארום זיך מעהרערע קלענערע און זיא מיט איהרע בעגלייטער דרעהען זיך אויך ארום אונזער זונן. הערשעל איז געווען איין זוהן פון איין ארימען מוזיקאנט. ער איז אבער געוואָרען אזוי בעקאנט פאר זיינע ענטדעקונגען אז מען האט איהם דערפאר געמאכט פאר אן ענגלישען לארד, און געגעבען איין פעסטען געהאלט, כדי ער זאל קענען אונגעשטערט ארבייטען פאר דער וויסענשאפט. געב. 1738 געשטארבען אין 1822.

הערשעל. — דזשאן פרעדעריק הערשעל איז דער זוהן פון דעם פריהער דערמאנטען אסטראנאם. ער האט געפאלגט זיין פאטערס בערוף און האט זיך זעהר אין דעם אויסגעצייכענט. ער האט פיעלעס סיסטעמאטיזירט און ערקלעהרט פיעלע פון פאטערס בעאבאכטונגען. געלעבט האט ער פון 1792 ביז 1871.

———

ו.

וואגנער. — ווילהעלם ריטשארד וואגנער איז איין קאמפאזער, ער האט רעפארמירט דיא מאדע וויא צו שרייבען מוזיקאלישע דראמעס. זיינע ווערק זיינען יעצט מעהר פאפולער וויא אירגענד וועלכען אנדערענס פון דיא קאמפאזיטארס, זיין מוזיקע האט אבער, אויך דיא מייסטע געגנער, וועלכע ווילען ניט אנערקענען זיינע נייערונגען אין מוזיק פאר עטוואס וויכטיגעס אדער הארמאניש. פון זיינע ווערקע צייגען זיך אויס „לאהענגרין" און דער „רינג פון ניבעלונגען", דיא לעצטע בעשטייט פון פיער בעזונדערע אפעראס, נעמליך, „וואלקירע", „זיעגפריעד" „רהיינגאלד" און „גאטטערדעממערונג", וואגנער האט געלעבט פון 1813 ביז 1883.

וואטט. — דזשיימס וואטט איז געבארען געוואָרען אין ענגלאנד אין יאהר 1736 ביי פערארימטע עלטערן, ער האט דאך געגנאסען איין שוהל בילדונג, אבוואהל ניט קיין גאנץ הויכע. וואטט האט ערפונדען און געמאכט דיא ערשטע סטים אינדזשען, וועלכע האט געמאכט אזא רעוואלוציאן אין דער גאנצער אינדוסטריע, דורך דיעזער ערפינדונג איז עס געוואָרען מעגליך צו טרייבען דיא אלע מאשינען אין דיא פעקטארים און האט געגעבען דיא מעגליכקייט אנצופאנגען פאבריצירען זאכען אויף איין גרויסען שטייגער, און ניט אין קליינע שעפער, וואו מען האט געארבייט אלעס לאנגזאם מיט דער האנט, ער האט געלעבט פון 1736 ביז 1819.

וואלדערס, זשאן, (1896—1855), א פעהיגער בעלגישער שרייבער, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין טהעטיגקייט אין דער סאציאליסטישער בעוועגונג פון בעלגיען. מיט־ארבייטער און רעדאקטאר פון איינינגע ראדיקאלע און סאציאליסטישע צייטונגען. ער האט גענומען א זעהר גרויסען אנטהייל אין דער גרינדונג פון דעם „מעזאן דע פעפל" (פאלקס - הויז) אין בריסעל, אין דער ארגאניזאציאן פון דעם אינטערנאציאנאלען קאנגרעס פון 1891, און אין דעם קאמפף פון דיא בעלגישע סאציאליסטען פאר דאס אלגעמיינע שטים־רעכט.

וואלטער. — וואלטערס ריכטיגער נאמען איז פראנסוא דע אראע. וואלטער איז געבארען געוואָרען אין 1694 אין פאריז, זיינע עלטערן זיינען געוועזן ניט קיין רייכע. גאנץ הויכע בילדונג האט וואלטער ניט בעקומען, נאך וועניגער קען מען זאגען איז זיין ערציהונג געוועזן איין סיסטעמאטישע. אלעס דארום וואס וואלטער האט אויפגעטאהן איז געוועזן דער פראדוקט פון זיין אייגענעם

טאלאנט און זשעניע. וואלטער איז געוועזן איינער פון דיא הויפט פרייהייטס דענקער פון 18טען יאהרהונדערט אויף איהם האט דאס פרייזיניגע יוראפ געקוקט מיט אלע אויגען, און עס איז געוועזן אויף וועמען, וואלטער האט געקענט קעמפפען, זיין געדאנק איז געוועזן איין שארפער, זיין סאטירע איז געוועזן נאך שארפער, זיא איז געוועזן א בייסענדע, א רייסענדע, איין אלמעכטיגע, איין צושטערענדע פון אללעס וואס איז געוועזן אלט און ניט בעגרינדעט אויף'ן שכל וויא ווייט מען האט דאס דאמאלסט פערשטאנען. וואלטער איז געוועזן איין מחבר פון פיעלע טראגעדיען און אין זיי פלעגט ער אויך אויסגיסען זיין פרייען געדאנק, ער האט עס אבער געקענט אזוי טהאן אז דיעזע טראגעדיען זיינען גערעכענט געווארען דאמאלסט דיא בעסטע ליטערארישע ווערקע. וואלטער איז געזעסען א שעהנע עטליכע מאהל אין דער בעריהמטער פאריזער טורמע דיא באסטיליע. ער האט אפט געדארפט בייטען זיין מקום מנוחה, אין יעדער לאנד פלעגט ער זיך צו לאנג ניט פערהאלטען רוהיג, און איבעראל זיינען דיא טורמעס געוועזן אפען פאר איהם אין זיינע עלטערע יאהרען האט ער זיך בעזעצט אין דער שטאדט זשענעווא אין דער שווייץ וואו ער האט אפגעלעבט זיינע לעצטע יאהרען, וואלטער איז געשטארבען איין אלטער מאן פון 84 יאהר.

**ווארינסקי**, לודוויג, (1811—1856), איז געוועזן דער הויפט בעגרינדער פון דער מאדערנער סאציאליסטישער בעוועגונג אין פוילען. פון דעם פעטערבורגער טעכנאלאגישען אינסטיטוט, וואו ער האט זיך בעקענט מיט דיא טהעאריען פון סאציאליזמוס איז ער אין 1876 געקומען קיין ווארשאו. אין 1878 האט ער דארט געגרינדעט א סאציאליסטישע ארגאניזאציאן. אין 1879 האט מען איהם ארעסטירט, געשטעלט צום געריכט, בעפרייט און אויסגעוויזען פון עסטרייך. אין דער שווייץ האט ער רעדיזשירט דיא ערשטע פוילישע צייטשריפט, דיא „גלייכהייט“. 1282 איז ער געפאהרען צוריק קיין ווארשוי, איז דארט געוועזן זעהר טהעטיג. אין סעפטעמבער 1883 האט מען איהם צוגע'משפט צו 16 יאהר געפענגנים און מען האט איהם פערשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג, וואו ער איז געשטארבען.

**ווארלען**, אייזשען, (1839—1871), איז געוועזן א זוהן פון א בויער. אין פאריז האט ער זיך אויסגעלערנט בוכבינדעריי. שפעטער האט ער געגרינדעט א קאאפעריישיאן פון דיא בוכבינדער. ער איז געוועזן איינער פון דיא גרינדער פון דער „אינטערנאציאנאלע“; איז א פאר מאל פעראורטהיילט געווארען צו געפענגנים - שטראפען. ער איז געוועזן א מיטגליעד פון דער קאמונע און פון דעם סענטראל - קאמיטע. ביים לעצטען פערצווייפעלטען קאמפף פון דער קאמונע האט ער גענומען א גרויסען אנטהייל און איז דאן אויף א גרויזאמען אופן ערמארדעט געווארען.

**וויטלינג**, ווילהעלם (1808—1871) דייטשער סאציאליסט און קאמוניסט, האט געשריבען איינינגע בראשורען און פיעלע ארטיקלען, איז געוועזן רעדאקטאר פון עטליכע דייטשע סאציאליסטישע זשורנאלען. אם ענדע פון דיא דרייסיגער יאהרען איז ער געוועזן אין פאריז. אין דער שווייץ איז ער געזעסען פאר אן ארטיקעל 6 מאנאט אין געפענגנים, וואו ער האט אויפגעשריבען זיינע „קערקער־פאעזיען“, איז דערנאך אויסגעוויזען געווארען נאך דייטשלאנד. פון דארט איז ער געקומען נאך אמעריקא, און אז דיא רעוואלוציאן האט אויסגעבראכען אין פרייסען איז ער געקומען אין בערלין. ער האט אבער דארט לאנג ניט געקענט זיין, איז אוועק נאך האמבורג, פון דארט צוריק נאך נויארק, וואו ער האט אגיטירט פיר דיא גרינדונג פון א קאמוניסטישער געמיינדע און זיין פלאן איז דורכגעפאלען.

**וועניאוווסקי**, הענרי, א פוילישער איד, און בעגאבטעסטער וויאלין שפיעלער אין דער גאנצער וועלט, דאך אין איין האספיטאל פאר ארימע לייט, אין מאסקווא, האט ער אויסגעלאזט זיין לעצטען אטהעמצוג דעם 2טען אפריל 1880.

## ז.

זאָנענטהאַל, אַדאָלף, ווערט געךעכענט דער בעסטער שווישפּיעלער וואָס קען פאָרשטעלען „נאַטהאַן דער ווייזע", ער שפּיעלט אָבער ניט נאָר קלאַסישע דראַמען, זאָנדערן אויך דיא רעאַליסטישע פון דער נייער צייט. ער איז געבאָרען דעם 21טען דעצעמבער 1834, אין אַ זעהר אָרימע אידישע פאַמיליע אין בודאפעסט, אין זיין קינדהייט ביז דעם 17טען יאָהר האָט ער געארבייט ביי שניידעריי זיין טאַלאַנט אין מימיקע און כאַראַקטעריזירען האָט זיך יעדען געוואָרפען אין דיא אויגען. באַגומיל דאַווידסאָן, אַ אידישער אַקטיאָר, אַ וועלט בעריהמטער פון יענער צייט, האָט באַמערקט אין איהם דעם טאַלאַנט אין האָט איהם גלייך צוגענומען אין דער לעהרע. זאָנענטהאַלן איז נאַכהער אויסגעקומען צו טהאָן דיא זעלבע דיענסט צו לודוויג בארנאי.

זשעליאַבאָוו, אַנדריי איז געבוירען געוואָרען אין 1851. ער איז געווען אַ קינד פון בויערן. אין דער קרים האָט ער זיין יוגענד־ערציהונג גענאָסען. אַ גוטסבוזיצער האָט דעם קליינעם פּעהיגען אנדריי געלאזט לערנען און שרייבען. דאן האָט ער איהם אריינגעגעבען אין דער גימנאַזיע פון סימפעראָפּאָל. פון גימנאַזיע איז זשעליאַבאָוו אריין איז דער אָדעסער יוניווערזיטעט, פון וואַנען מען האָט איהם אין 1872 אויסגעשלאָסען פאר נעהמען אנטהייל אין דיא סטודענטען־אונרוהען. בעגייסטערט פיר דיא סאָציאַליסטישע אידעען איז ער אוועק אין „פאָלק", צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדא. אין 1874 איז ער ארעסטירט געוואָרען. 4 יאָהר האָט ער געשמאַכטעט אין געפענגניס ביז ער איז אין 1878 פּערוויקעלט געוואָרען אין דעם בעריהמטען פּראָצעס פון דיא 193. ער איז בעפּרייט געוואָרען און איז געבליבען אין אָדעס ביז 1879, ווען ער האָט זיך פּערקליעבען קיין פּעטערבורג, וואו ער איז געוואָרען טהעטיג אין דעם עקזעקוטיוועו קאָמיטעט. אין 1881 האָט ער גענומען אַנטהייל אין דעם אַטענטעט אויף אַלעקסאנדר דעם צווייטען און איז דעם זעלבען יאָהר ארויף אויפ׳ן גאַלגאָן פאר זיינע אידעען.

## ח.

חאַווקין. — האַווקין איז איין בעוואוסטער רוססישער פּאַטאָלאָג, וועלכער האָט זיך געמאַכט בעריהמט מיט זיינע אונטערזוכונג איבער דיא אורזאכען פון כאָלערא, ער איז יעצט באַשעפּטיגט מיט דעם אונטערזוכען דיא אורזאכען פון דער אַזיאַטישע קראַנקהייט פּלאָג. ער איז איין זוהן פון אידישע עלטערען.

חוואָלסאָן.— חוואָלסאָן איז בעקאַנט ניט נור ביי דיא אידען פאר זיין פערטהיידיגען זיי פון דער נידערטרעכטיגער פערלוימדונג, אַז זיי ברויכען בלוט אויף פּסח, זאַנדערן ער איז בעטראַכטעט אויך ביי די געלעהרטע פון אַלע אומות העולם, אַלס איינער פון דיא גרעסטע אויספאָרשער פון דעם, וואָס האָט זיך געטאָהן אַמאָהל אין אַלטערטהום ביי דיא סעמיטישע פעלקער. אין דיזען געביעט פון וויססענשאַפט האָט חוואָלסאָן געמאַכט גרויסע ענטדעקונגען.

---

## ט.

טאַריטשעלי. — עוואַנגעליסטאַ טאַריטשעלי איז געווען איין געלעהטער מאַטעמאַטיקער און פּיזיקער, וועלכער האָט ערפונדען דעם באַראָמעטער, אָנצייגער אויף וויא שטאַרק דיאַ לופט דריקט. ער האָט געלעבט פון 1608 ביז 1647.

טהעקערעי. — וויליאם מייקפּיס טהעקערעי איז איין נאָוועלען שרייבער איינער פון דיא גרעסטע פון לעצטען יאהרהונדערט מיט וועלכען מען קען נאָר פערגלייכען דעם מחבר ד י ק ע נ ס. טהעקערעי איז אין פיעלע פּלעטצער געווען מעהר הומאָריסטישער וויא דיקענס, און עס איז דאָ פיעלע וואָס שעטצען זיין טאַלאַנט אַלס איין העכערן. טהעקערעי איז געבוירען געוואָרען פון ניט רייכע עלטערן, האָט בעקומען איין גוטע שוהל און קאַלעדזש בילדונג, און האָט געמוזט פון יונגער הייט אָן פערדינען דורך זיין שרייבען. זיין טאַלאַנט איז ניט אָנערקענט געוואָרען ביז ער איז אַלט געוואָרען 37 יאהר דאָס הייסט נאָך דעם וויא ער האָט אָנגעשריעבען

זיין בעריהמטעס ווערק „וועניטי פעיר“. ער האט געלעבט פון 1811 ביז 1863.

**טעניער.** — טעניער דוד איז דער שילער פון רובענס, ער איז דער ערשטער וואס האט איינגעפיהרט צו מאָהלען בילדער פון דעם לעבען פון ארימען פאלק, און האט ביינאהע נאָר מיט אזעלכע זיך בעשעפטיגט, געלעבט פון 1610 ביז 1694.

**טשערנישעווסקי,** ניקאָלאי גאווריל־אָוויטש איי געבוירען געוואָרען אין 1829 אין סאראטאָוו. ער איז געוועזן א גלח'ס א זוהן, איז אין סאראטאָוו געגאנגען אין גימנאזיע און דערנאָך אין דער פעטערבורגער אוניווערזיטעט. אין 1850 האט ער געענדיגט דעם פילאָזאָפישען פאקולטעט און איז געוואָרען לעהרער אין סאראטאָווער גימנאזיע. עס האט איהם אָבער געצויגען קיין פעטערבורג, וואו ער איז געוואָרען לעהרער אין אן אָפּעצירסקער שוהלע. זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט איז מייסטענס בעשטאנען אין דער פערברייטונג פון דיא סאָציאַליסטישע לעהרען צווישען דעם פובליקום. דעם 7טען יולי האט מען איהם ארעסטירט און מען האט איהם פעראורטהיילט אויף זיעבען יאָהר קאטאָרזשנע ארבייט אין דיא מינען און צו בלייבען דערנאָך אויף'ן לעבען לאנג אין סיביר. נאָך דיא 7 יאָהר האט ער זיך בעזעצט אין ווילויאיסק יאקוטסקער אָבלאָסט. אין 1874 האט מען איהם ערלויבט זיך אריבערצוציהען קיין אסטראכאן. ער איז געשטארבען דעם 29טען אָקטאָבער אין סאראטאָוו. אין וועסט־אייראָפּא איז טשערנישעווסקי בעזאָנדערס בעקאנט געוואָרען דורך זיין ראָמאן „טשטאָ דיעלאַט“ (וואס טהאָן?), וועלכען ער האט געענדיגט שרייבען אין 1863, אין געפענגניס.

---

## י.

**יאכים,** יוסף, ווערט בעטראכטעט אלס איינער פון דיא גרעסטע פידעל שפיעלער אין דער וועלט. געבאָרען אין אונגארן דעם 28טען יוני 1831.

**יאקאבי.** — יאהאן יאקאבי איז איינער פון דיא טהעטיגסטע פרייהייטס קעמפפער פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט. געב. 1טען מאי 1805 אין קעניגסבערג. דיא יונגערע יאָהרען האט ער אלס זשורנאליסט פאָלקאָמען אוועקגעגעבען דעם יודענטהום, שטרייטענדיג פאר גלייכע רעכטע פיר איהם. מיט דער צייט איז ער אימער געוואָרען מעהר ראדיקאל ביז וואנען ער האט אָנגענומען דעם איינצעלנעם ריכטיגען שטאנדפונקט, אז דער קערן און דער הויפט פון אונטערדריקונג אין געדונגענע ארבייט, וואס לייטע מוזען זיך פארקויפען צו אנדערע כדי זיי זאָלען קענען פארדינען אויף א לעבען. ער וואר מעהרערע מאָהל ארעטירט פאר מאַיעסטעטס בעליידיגונג און האט עטליכע מאָהל געמוזט ברומען אין דייטשע פעסטונגען. ער איז דער אויטאָר פון דעם אונפערגעסליכען זאץ: „דיא גרינדונג פון איין ארבייטער פעראיין וועט זיין פיר דעם צוקונפטיגען היסטאָריקער פיעל וויכטיגער וויא דיא שלאכט ביי סאדאווא“ זיין יאָהרצייט איז דער 6טער מערץ, ער איז געשטאָרבען אין דעם טאָג אין 1877טען יאָהר.

**יעללינעק.** — הערמאן יעללינעק וואר איינער פון דיא גייסטרייכסטע נאטורען אין דער רעוואָלוציאָן פון 1848 אין וועלכער צייט ער איז אויך פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט און איז ערשאָסען געוואָרען, געב. דעם 22טען יאנואר, 1823, ערשאָסען דעם 23טען נאָוועמבער, 1848.

---

## ל.

**לאוואזיע.** — אנטאני לאורענטיאוס לאוואזיע איז דער פאטער פון כעמיע, איהם איז דאס געלונגען צו צייגען אז פון וואסער קען מען ניט מאכען קיין וואסער גאז, וועלכעס איז נאָר אזא עלעמענט וואס איז ניטאָ אין וואַסער, און אויך אז פון איין עלעמענט קען מען קיין אנדערע מאכען. און דאַמיט האט ער די אלע אלטע אלכעמישע טהעאָריען געגעבען איין טויטען קלאפּ. איהם איז עס געלונגען אויסצעפינען דעם אקסידזשען (זויער־שטאָף) אין דער לופט און צייגען אז ער איז דאס

וואס מאכט מעטאללען זשאווערען. לא־
וואזיע האט אויך שטארקען אנטהייל
גענומען אין פאליטיק. ער האט זיך
שטארק אנגענומען פאר דיא אידען,
וועלכע ווארען אין זיינער צייט שטארק
אונטערדריקט, געשטארבען איז ער
אויף דער גילאטינע, דורך א פערלוימ־
דונג וואס מע האט אויף איהם גע־
מאכט, אין 1794, געב. וואר ער אין
1743.

לאווראוו, פעטער לאווראוויטש, געבוי־
רען דעם 14טען יוני. ער איז געוועזן א
קינד פון א רייכער רוסישער פאמיליע
פון אדעל. זיין ערציהונג איז געווען א
מיליטערישע. צו 21 יאהר איז ער גע־
ווארען לעהרער פון מאטהעמאטיק אין
דער שטאאטליכער ארטילערי־שוהלע.
לערנענדיג פיעל געשיכטע האט ער
שפעטער אוועקגעווארפען דיא מילי־
טערישע וויסענשאפט. ער האט זיך
אויך דאן בעקענט מיט טשערנישעוו־
סקי, מיכאילאוו און אנדערע פאר־
קעמפפער פון דעם רעוואלוציאנערן
סאציאליזמוס אין רוסלאנד. זיין ליטע־
ראַרישע טהעטיגקייט האט דער רוסי־
שער רעגיערונג גאר ניט געשמעקט און
מען האט אהים פערמישט אין א פא־
ליטישען פראצעס. אדמיניסטראטיוו־
נעם פאריאדקאם האט מען איהם פער־
שיקט אין א קליין דערפעל אין דער
גובערניע וואלאגדא. דארט האט ער
דאס געשריעבען זיינע בעריהמטע „הי־
סטארישע בריעף", וואו ער זוכט צו
בעווייזען, אז עס איז דיא פפליכט פון
אן אינטעליגענטען מענשען מיט אלע
מעגליכע מיטעל צו קעמפפען פאר דעם
קולטורעלען פארטשריט, פאר דיא בע־
פרייאונג פון דעם ארבייטער־פאלק.
מיט דער הילפע פון לאפאטין איז איהם
אין 1870 געלונגען צו אנטלויפען און
צו קומען אין פאריז. אין 1872 איז ער
געפאהרען נאך ציריך, שווייץ, וואו ער
איז געווען רעדאקטאר פון דעם רעוואַ־
לוציאנערן זשורנאל „וופעריאד" ביז
1877. פון 1883 ביז 1887 איז ער
געווען רעדאקטאר פון דעם „וויעסט־
ניק נאראדנאי וואלי". דיא לעצטע
יאהרען האט ער פערבראכט אין פא־
ריז, וואו ער איז געשטארבען דעם
6טען פעברואר 1900.

לאמארטין. — אלפאנס לואיז לאמארטין
איז דער היסטאריקער פון רעוואלוציא־
נען. ער איז איין זוהן פון צימליך רייכע
עלטערן; ער איז געווען אם אללער ער־
שטען א ראיאליסט, נאר וואס מעהר
ער האט זיך געגריבעלט אין דער געשיכ־
טע דעסטא ראדיקאלער פלעגט ער ווע־
רען, ביז ענדליך אין יאהר 1848 איז
ער געווארען איינער פון דיא הייסעס־
טע רעפובליקאנער, ער האט זאגאר
אנטהייל גענומען אין דער פראוויזא־
רישע רעוואלוציאנער גאווערנמענט און
איז נאכהער געווארען דער מיניסטער
פיר אויסערע אנגעלעגענהייטען פון
דער רעפובליק. פון זיינע ווערקע איז
ספעציעל צו בעמערקען „דיא געשיכטע
פון זשיראנדיסטען", „דיא געשיכטע
פון דער רעוואלוציאן אין 1848", „דיא
געשיכטע פון טערקיי" און אויך „פון
רוססלאנד", ער האט געלעבט פון 1790
ביז 1869.

לאמארק. — קאוואליער דע לאמארק איז
איינער פון דיא גרעסטע נאטור־פאר־
שער פון דעם פארלעצטען יאהרהונ־
דערט, ער איז איין פארלויפער פון טש.
דארווין, וואס דארווין האט אזוי גרינד־
ליך מיט עקספערימענטען באוויזען,
האט לאמארק בעהויפטעט דורך ספע־
קולאטיווען דענקען, ער האט נאך אין
18טען יאהרהונדערט געזאגט אז דיא
העכערע פארמעס פון בעשעפעניסען
זיינען דיא רעזולטאטען פון דיא וויר־
קונג פון אומשטענדע אויף בעשעפעני־
סען פון ניעדעריגערע ענטוויקעלטע
פארמעס, ער האט געלעבט פון 1744
ביז 1829.

לאמבראזא. — צעזארע לאמבראזא איז
איין איטאליענישער דאקטאר, וועלכער
האט זיך בעריהמט געמאכט מיט זיי־
נע שטודיען איבער פערברעכען און
פערברעכער, וויא אויך איבער וואהנ־
זין און זשעניע. ער האט געצייגט אז
קיין פערברעכען ווערט ניט געמאכט
אהן אירגענד וועלכע פאטהאלאגישע
אורזאכע, ד. ה. דאס יעדער פערברע־
כער איז א קראנקער מענש, ער האלט
אויך פון גרויסער איינליכקייט צווישען
וואהנזין און זשעני. געב. דעם 22טען
יאנואר, 1855.

לאַמענע, זשאַן מאַריע פעליסטע ראָ־בערט דע (1782—1854) איז ערצוי־גען געוואָרען אַלס גלח. דיא רעוואָלו־ציאָן פון 1830 האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיינע אידעען. ער האָט אָנגעפאַנגען אַגיטירען פאַר רעפאָרמען אויף׳ן רעליגיעזען און פאָליטישען פעלד. זיינע בעקאַנטע ווערקע זיינען: „ווערטער פון אַ גלויביגען,“ „דאָס בוך פוי׳ם פאָלק“ און די „מאָדערנע שקלאַ־פעריי“, וואו ער פערטהיידיגט מיט אַ פייעריגער ליעבע דיא זאַכע פון דעם פראָלעטאַריאַט. פאַר איין שריפט זיי־נע: „דאָס לאַנד און דיא רעגיערונג“ האָט ער געקראָגען אַ יאהר געפענגניס. דיא רעוואָלוציאָן פון 1848 האָט ער בעגריסט מיט ענטהוזיאַזמוס. אין דעם זעלבען יאהר איז ער ערוועהלט געוואָ־רען אַלס מיטגליעד פון פאַרלאַמענט נאָך דעם „קו ד׳עטאַט“ אין 1851, ווען דיא רעפּובליק איז געפאַלען, האָט ער זיך צוריקגעצויגען פון פאָליטישען לע־בען.

לאַססאַל. — פערדינאַנד לאַססאַל איז גע־ווען דער זוהן פון אַ רייכען אידישען סוחר פון דער שטאָדט ברעסלאַו. דער פאַטער זיינער האָט איהם געוואָלט אויסבילדען אַלס קאָמערסאַנט, לאַססאַל אָבער האָט ניט געהאַט קיין חשק דער־צו, און איז אריין פריהער אין אוני־ווערזיטעט פון לייפּציג, און נאָכהער האָט ער בעזוכט דעם אוניווערזיטעט אין בערלין. ער האָט זיך שטאַרק אי־בערגעגעבען דעם שטודיאום פון פילאָ־לאָגיע און פילאָסאָפיע. אין פילאָסאָפיע איז ער געווען אַ גרויסער בעוואונדע־רער פון העגעל. באַלד נאָך׳ן ענדיגען זיין שטודיאום האָט ער אָנגעפאַנגען זיין גרעסטעס וויססענשאַפטליכעס ווערק, נעמליך: „דיא פילאָסאָפיע פון העראַק־ליטאַס“, וואו ער האָט בעהאַנדעלט פון העגעליאַנישען שטאַנדפונקט. לאַס־סאַל האָט גענומען איין רעגען אייג־טהייל אין דער רעוואָלוציאָן פון 1848, און האָט דאריבער געמוזט זיין אויף רייזען, אין זיין ארומוואַנדערען האָט ער בעזוכט היינען אין פּאַריז, און דיזער וועלט־בעריהמטער היינע איז ענטציקט געוואָרען פון איהם „דאָס וואונדערקינד“. דער נאָמען מיט וועל־כען דער אַלטער הומבאָלדט האָט לאַס־סאַלען געקרוינט. לאַססאַל אויסער דעם וואס ער איז געווען טאַלענטפאָל גייסט־רייך און הויך־געבילדעט, וואר ער נאָך איין מאַן מיט פול ענערגיע, לעבען און מיט איין אייזערנעם ווילען. דיזע ציגען פון זיין כאַראַקטער האָבען זיך ספּעציעל אויסגעצייגט אין דעם פּראָצעס וועלכען ער האָט געפיהרט 10 לאַנגע יאהר פאַר דער גרעפין האַטצפעלד. אין 1859 האָט לאַסאַל, פערקליידעט וויא איין אָרימער אַרבייטער, זיך אריינגעגנב׳עט אין בערלין, וואו זיין פריינד און פער־עהרער אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט וועלכער האָט דאָרט געוואָהנט, האָט נאָכהער אויסגעווירקט ביים קייזער איין ערלויבניס, אַז לאַסאַל׳ן זאָל מען פאַר־געבען זיינע אַלטע פּאָליטישע חטאים און ערלויבען צו פערבלייבען אין בער־לין. אין דיזער צייט האָט ער ארויסגע־געבען זיין צווייטעס גרויסע ווערק „דיא ערוואָרבענע רעכטע“ און אין יאָהר 1862 איז ער אין גאַנצען מיט לייב און זעעלע אריין אין דער אַרבייטער בעוועגונג. זיין רעגע טהעטיגקייט איז, קען מען זאָגען, וועלט בעוואוסט. ער איז גע־ווען דער גרינדער און פּרעזידענט פון דעם „אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער פעראיין“. און דיזער פעראיין איז נאָכ־העער געוואָרען דער פונדאַמענט פון דער היינטיגער דייטשער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע. אין זיין טהעטיגקייט איז ער ניט געווען קיין טהעאָרעטיקער, ער האָט ווייניג געקוקט פון וועלכען שטאַנד ער בעקומט גלויביגע פיר דעם סאָציאַליזמוס, ער פלעגט זיי זוכען אין אַללע קלאַססען. ער פלעגט זיך בעני־צען מיט אַלע מיטעל דורך צוזעצען דיא פערבעססערונג פון דער אַרבייטער לאַ־גע. צווישען זיינע בעוואונדערער און מיטאַרבייטער האָט ער זאָגאַר געהאַט קריסטליכע גייסטליכע, צווישען וועל־כע האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכענט דער בישאָפ קעטעלער פון מאַינץ, ביסמאַרקען אַפילו האָט ער אויך גע־זוכט צו פאַנגען. געשטאָרבען איז פער־דינאַנד לאַססאַל פּלוצלונג, ער וואר דערשאָססען אין אַ דועל אין דער שווייץ דעם 28טען אווגוסט אין יאהר 1864.

לאַפּלאַסס. — מאַרקיז פּיער סימאָן דע

לאפלאסס, איז דער „אייזיק ניוטאָן" פון פראנקרייך. ער וואר איינער פון דיא גרעסטע מאטעמאטיקער אין זיין צייט. זיינע ענטדעקונג אין אסטראנאָמיע ווערען יעצט זעהר הויך געשעצט, און אייניגע געזעצע וועלכע לאפלאסס האָט ערקלעהרט אין דיעזער וויסענשאפט טראגען זיין נאָמען. ער האָט געלעבט פון 1749 ביז 1827.

לאפאיעט. — מארקיז דע לאפאיעט, א פראנצויז, זעהר א רייכער יונגער מאַן, האָט אוים ליעבע צו פרייהייט, אויף זיינע אייגענע קאָסטען אויפגעבויט א שיף, אָנגענומען וואָלאָנטירען, און מיט זיי איז ער אריבערגעקומען העלפען דיא אמעריקאנער אין זייער קאמפף געגען ענגלאנד. ער איז, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער איז קוים אלט געווען 20 יאהר, פון קאָנגרעס ערנאנט געוואָרען צום פאָסט פון גענעראל מאיאָר, און וואר דער צווייטער אין ראנג נור צו דזשאָרדזש וואשינגטאָן. נאָך דער ענדע פון דער מלחמה, איז ער צוריק אוועק אין פראנקרייך און האָט גענומען אנטהייל אין דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן, דארט אָבער האָט ער מיט דיא גרוילטהאטען פון אייניגע רעוואָלוציאָנערען ניט געקענט איינשטימען, און איז דארום געוואָרען זעהר אונפאָפולער. ער האָט געלעבט פון 1757 ביז 1834.

לא פאָנטען.—דזשין לא פאנטען איז דער אויטאר פון דיא בערהמטע געשיכטען פאר קינדער, וועלכע זיינען אייגענטליך אלט, אבער קיינער האָט זיי ניט איבערגעגעבען אין אזא בעצויבערענדע שפראכע וויא ער האָט עס געטאָהן, געב. דעם 8טען יולי 1621, געשטארבען אפריל 13טען 1695.

ליבערמאַן מאַקס, איז איינער פון דער נייער שולע מאלער, ער זשענירט זיך ווייניג מיט דעם אינהאלט און ביי איהם איז דיא הויפט זאך דיא נאטור. זיינע העכסט אינטערעסאנטע בילדער זיינען וויא אן אלטע פרוי מארעזשעט זאקען, וויא ווייבער פליקען דיא פעדערען פון גענז, וויא קינדער, אָבגעריסענע יתומים שפיעלען זיך א. ז. וו. ער איז איינער פון דיא גרינדער פון דער רעאליסטישער שולע אין דער מאלער קונסט. ער איז א זוהן פון א רייכען אידישען סוחר אין בערלין. געב. יולי 7טען 1849.

ליטטרע. — פאול מאקסימיליאן עמיל ליטרע איז איין פראנצויזישער געלעהרטער, ער האָט אפילו קיין נייאיגקייט ניט ענטדעקט, דאָך איז ער גערעכענט אז ער איז געווען דער געלעהרנסטער מענש פון זיין צייט. ער האָט בעזעסען איין פיעל־פאכיגע בילדונג, ער האָט פאָפולאריזירט קאָנטס פאָזיטיווע פילאסאפיע, האָט געשריעבען איבער נאטורוויססענשאפט, האָט געמאכט איין מעדיצינישען לעקסיקאָן, געשריבען איבער סאציאלע פראגען א. ז. וו. זיין גרעסטעס ווערק איז אָבער דער פראנצויזישער ענציקלאָפעדישער־לעקסיקאָן, אזעלכער וועלכען קיין נאציאָן האָט נאָך ניט. ער איז געווען איין פריידענקער און רעפובליקאנער, זיין לעבען לאנג האָט ער מיטגעמאכט ביינאהע אין אללע פראנצויזישע רעוואָלוציאָנען פון לעצטען יאהרהונדערט. ער האָט געלעבט פון 1801 ביז 1881.

לייבניטץ. — גאטפריעד ווילהעלם לייבניטץ איז געווען איין פילאסאף, מאטעמאטיקער און געלעהרטער, איהם איז עס געלונגען אויסצוגעפינען דעם דיפערענציאלען קאלקולוס אין מאטעמאטיקע, און דאָס איז פאר מאטעמאטיקער אזוי וויכטיג וויא איין מיקראָסקאָפּ ביי א נאטורפאָרשער. אין געאָלאָגיע האָט לייבניטץ פיעל אויפגעטאָהן מיט דעם, וואס ער האָט ערקלעהרט און בעוויזען, וויא דיא ערד קיהלט זיך אימער מעהר אָב, און וויא דיא פערשיעדענע סטראטאס (סלאיעס) פון איהר ווערען פארמירט. ער איז געווען איין זוהן פון רייכע עלטערען, און אין זיין לעבען האָט ער אויך געשפיעלט א גרויסע ראליע אלס דייטשער שטאאטסמאן. געלעבט האָט ער 70 יאהר, פון 1646 ביז 1716.

לינעאוס. — קארל פאן לינעאוס דער גרעסטער באטאניקער איז געבוירען געווארען אין שוועדען אין יאהר 1707, ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט קלאססיפיצירט דיא פלאנצען. ער האָט בעשריעבען דיא מעטהאָדען וויא

פלאנצען בעפרוכטען זיך און זייערע ארגאנע פון בעפרוכטונג. נאך דיא אונטערשיעדען פון דיזע בעפרוכטונגען האט ער קלאססיפיצירט דיא פלאנצען, ער האט אויסקלאסיפיצירט דיא חיות, אבער שוין ניט וויא דיא פלאנצען, זאנדערען נאך דעם ארט פון זייער נאהרונג און זייערע פערדייאונגס אפאראטען (מאגענס), ביז איהם האט פאלקאמענע אונארדנונג געהערשט אין באטאניקע און זאאלאגיע. לינעאוס איז געשטארבען אין 1778 פון אפאפלעקסיע.

ליעביג. — יוסטוס ליעביג דער דייטשער געלעהרטער איז געווען דער גרעסטער ערפינדער אויף דעם געביעט פון ארגאנישע כימיע. ער האט אויפגעוויזען דעם שייכות פון דיזער וויססענשאפט צו פאטאלאגיע, פיזאלאגיע, און דיא נוצען וואס כימיע קען ברענגען צו אקערבוי. ער האט ערפונדען נייע כעמישע אפאראטען און אינסטרומענטען, ער האט געשטעלט דיא ארגאנישע כימיע וויא מע זאגט, אויף דיא פיס, זיין טאלאנט צו כימיע האט ער געצייגט נאך פון זיין קינדרווייז אן. געלעבט האט ער פון 1803 ביז 1873.

ליעבקנעכט, ווילהעלם מארטין קריסטיאן, געבוירען דעם 29טען מערץ 1826 אין גיעסין. דארט האט ער בעזוכט דאס גימנאזיום און דערנאך דיא אוניווערזיטעטען פון גיעסין, בערלין און מארבורג. שוין אלס סטודענט איז ער געווארען א סאציאליסט. ער האט אנטהייל גענומען אין דעם סעפטעמבער־אויפשטאנד פון 1848 און איז דערנאך געזעסען כמעט א יאהר אין דיא געפענגניסע פון באדען. דורך דעם מיליטערישען אויפשטאנד איז ער ארויס פריי און ער איז געווען טהעטיג דיא גאנצע צייט ביז 1850, ווען ער האט זיך אריבערגעצויגען אין זשענעוואו, שווייץ. דארט איז ער געווארען פרעזידענט פון דעם דייטשען ארבייטער־פעראיין. ער האט געזוכט צו פעראייניגען אלע דייטשע ארבייטער־פעראיינען אין דער שווייץ. צו דיזען צוועק האט ער גערופען א קאנגרעס. ער איז אבער ארעסטירט געווארען, און מען האט איהם פערטריבען קיין לאנדאן. דארט איז ער אריין אין דעם קאמוניסטען־בונד. אין ענגלאנד האט ער פערדיענט זיין ברויט זייענדיג א לעהרער אין א קאררעספאנדענט פון דייטשע צייטונגען. אין 1862 איז ער געקומען צוריק אין בערלין. דארט האט ער געשריבען אין דער „נארד־דייטשער אלגעמיינער צייטונג“, ביז וואנען ער האט זיך דערוואוסט, אז דיא צייטונג שטעהט אין פערבינדונג מיט ביסמארק און דיא רעגיערונג. דאן האט ער זיך פון איהר צוריקגעצויגען, און דיא פאליציי האט איהם ניט אויפגעהערט צו פערפאלגען. ער איז אייניגע מאל ארעסטירט און אין 1870 איז ער פעראורטהיילט געווארען צו צוויי יאהר געפענגניס. ער איז זיי אבגעזעסען אין דער הובער־טוסבורגער פעסטונג. ער איז געווען מיטגליעד פון דעם זאקסישען לאנדטאג פון 1879 ביז 1886 און זייט 1889 און פון דעם רייכסטאג 1867—1870, 1874—1887, און זייט 1888. נאך דעם סאציאליסטען־געזעץ האט ליעבקנעכט געוואוינט אין בערלין, וואו ער האט רעדיגירט דעם „פארווערטס“. ער האט געשריעבען פיעלע סאציאליסטישע שריפטען. אין 1886 איז ער געווען דא אין אמעריקא אויף אן אגיטאציאנס טור. דעם 7טען אויגוסט 1900 איז ער געשטארבען.

לעססינג. — אפרים גאטהאלד לעססינג איז געווען איין זוהן פון איין ארימען לוטהעראנישען גלח. מען האט איהם פארבערייטעט אויף פאר גלח׳עש. דיזע פראפעסיאן האט איהם אבער געעקעלט און ער איז געווארען אנפאנגס איין טהעאטער קריטיקער און נאכהער אליין איין דראמען שרייבער. זיינע הויפטווערק איז דער אונשטערבליכער „נאטהאן דער ווייזע“ וויא אויך „עמיליא גאעלאט“ און „מינא פון בארנהאלם“. אויסער דעם וואס ער איז געווען דער פארלויפער פון דער מאדערנע דראמא, איז לעססינג געווען איין פילאסאף, אין זיינע דראמען, וויא אויך אין זיינע אנדערע ווערק זעהט ער דורך צופיהרען דעם געדאנק, אז רעליגיאן קען זיין אהן דאגמאס און מנהגים. לעססינג איז געב. אין יאהר 1729 און איז געשטארבען אין 1781.




# האט איהר א פאנאגראף

# ביי זיך אין שטוב?

עס איז א זעהר ניטצליכע זאך. דער בעסטער מיטעל צו אמוזירען זיך אליין און צו אונטערהאלטען קאמפאניע. ביי דיא

# סטענדארד פאנאגראף קא.

**453** גרענד סט. ניו יאָרק.

קריעגט איהר אלע סארטען פאנאגראפס, גראפאפאנס, גראמאפאנס, אויך אלע פערשיעדענע רעקארדס אויף קעש אדער לייכטע אבצאהלונג

צו מעסיגע פרייזען

# STANDARD PHONOGRAPH CO.

453 Grand St., New York.

## לייף און פייער
## אינשורענס

פון זיכערע קאמפאניעס קריגט
איהר דורך

# י. נאפעלבוים

## 167 הענרי סט.



**J. NAPPELBAUM,**

## Life & Fire Insurance

167 HENRY STREET,
New York.



א יודישער אלמאנאך איז זייער א גוטע און ניצליכע זאך פאר דיא יעניגע וואס זוכען אינפארמיישען.

מיר בענוצען היר דיא געלעגענהייט אייך צו אינפארמירען אז:

## פאליי'ס

## פאטאגראף'ס גאלעריס

— געפינען זיך —

דאן טאון: 141 דיוויזיאן סטריט. אויפ'ן סקווער פון קאנעל סט.

אפ טאון: 1672 לעקסינגטאן עוו., קאר. 105טע סט., ניו יארק.

## פאליי'ס

בילדער געפינען זיך אין יעדער הויז אין דער איסט סייד, איהר קענט זיי זעהען, דיא פיינסטע פאטאגראפישע ארבייט

— געדענקט דאס —



## גוט פאר יעדען וואס ליעבט א גוטען
## טערקישען סיגארעט.

פ. קאססעלס נייער סיגארעט

# פאטריאט 10 פאר 5 ס.

האט צוגעטראפען דעם געשמאק פון יעדען סמוקער, טרייט איהם איין מאהל און איהר וועט רעקאמענדירען אייערע פריינדע דעם **פאטריאט** סיגארעט צו סמוקען.

## מיט אונד אהנע מונדשטיקען

פאבריצירט ביי

# פ. קאססעל

59-61-63 ארטשארד סט. — ניו יארק.

בעסטע יוניאָן אַרבייט, שנעל געמאַכט,
מיט דיא ביללינגסטע פּרייזען.

# ה. י פרידמאַן'ס




גרעסטע יוניאן

## סטיעם דרוקערייא

104־110 אטטארניע סט. ניו יאָרק.

— נאָטארי פּאָבליק —

## H. J. FRIEDMAN
## Union Steam Printer,

104=110 Attorney Street, N. Y.

Tel. 3973 B Spring.

דער איינציגער ראיעלער פּלאטץ
אויף דיא איסט סייד צו קויפען
א ריכטיג גוטע

## היי גרייד פּיאנא,
## פייער פּרוף סייף,
## נעה מאשינע.

# י. ספּעקטאר,

## 324=326 גרענד סט.



## JOS. SPECTOR,

324=326 GRAND ST.

New York.

# 65,000 מענשען זאָגען עדות

## אז דער שאַרער „SHARER" פּעטענד סטענד

פערשנעלערט און פערלייכטערט דיא ארבייט און פערהיט דעם
אפּערייטארס געזונד.

גיט אַכטונג אז אויף יעדע פיס פון ס טענד זאל זיין דער טרייד מארק.

## „SHARER" און נעהמט קיין אנדערע.

דער שארער פּעטענט סטענד ווערט פערקויפט אין יעדע נעה מאשין סטאָר
פון יונייטעד סטייטס און קענעדע.

אויב איהר ווילט אונזער פּרייז ליסטע פריי שיקט אַ פּאסטאל צו:

## SLOTKIN & PRAGLIN,

145=147 MULBERRY ST.,

NEW YORK.

# מ.

מאַזיני. — דזשוזעפע מאַזיני איז איינער פון דיא איטאַליענישע פּאַטריאָטען, וועלכע האָבען פיעל אויפגעטהאָן צו אראָפּוואַרפען דיא רעגיערונג פון פּאַפּסט איבער רוים, און פעראייניגען איטאַליען. ער איז געוועזען אַן איבער־צייגטער רעפּובּליקאַנער און ווען אי־טאַליען איז פעראייניגט געוואָרען אונ־טער דעם קיסר וויקטאָר עמאַנועל, האָט מאַזיני געשריעבען: „דאָס איטאַליע־נישע פאָלק האָט יעצט געטהאָן דאָס בעסטע וואָס עס האָט געקענט, מעגען זיך איניגע פרעהען מיט דעם, איך אָבער קען עס ניט, איך קען ניט זיין קיין קנעכט פון אַ מאָנאַרך.“ ווען מען האָט איהם אויסגעוועהלט אַלס מיט־גליעד אין פּאַרלאַמענט, האָט ער זיך אָבגעזאָגט שווערען טרייהייט צום טהראָן, ער האָט געמוזט דאריבער נאָך אַמאָל פערלאָזען איטאַליען, ער איז שוין אָבער געווען געוואָהנט צו אַזעלכע זאכען, אין זיין לעבען האָט מען איהם צום טויט אויך אַמאָל פעראורטהיילט. דער אורטהייל וואר ניט אויסגעפיהרט. געלעבט האָט מאַזיני פון 1805 ביז 1872.

מאלטהוס. — טהאמאס ראָבּערט מאַלט־הוס איז איינער פון דיא ערשטע פּאָ־ליטיקאַ־עקאָנאָמען. ער האָט אנגעצייגט אַז דיא מענשהייט קען זיך שנעלער פערמעהרען וויא דיא מיטעל פון נאהרונג. און זיא ווערט אָבגעהאַלטען פון אַזאַ פערמעהרונג נור דורך הונגער, ליידען און קאָנקורענץ, און אַז דיזע קאָנקורענץ איז איין קאַמפּף אום דאָס זיין צווישען דער באַשעפעניש וואָס מע רופט מענש. ער האָט אריינגעבראַכט דעם דאַרוויניזם אין דער סאָציאלאָגי־שער וויססענשאַפט איידער דאַרווין האָט עס אריינגעבראַכט אין נאַטור־וויססענשאַפט. דאַרווין אַליין זאָגט אַז ער איז געקומען אויף דיא געדאַנקען וועגען דעם קאַמפּף אום דאָ זיין צווי־שען חיות פון איין מין נאָך דעם וויא ער האָט גוט דורכגעשטודירט מאַל־טוס'ס טהעאָריע וועגען בעפעלקערונג. מאַלטהוס איז געבוירען אין ענגלאנד אין יאהר 1766, געשטאָרבען אין יאהר 1834.

מאליער. — דזשאַן באַפּטיסט פּאָקעלין איז געוועזען זיין ריכטיגער נאָמען, מאָ־ליער איז דער נאָמען וואָס ער האָט אָנגענומען פריהער אַלס קאָמעדיאַנט, דאַן אַלס אַקטיאָר און נאָכהער אַלס מחבר פון פיעלע טהעאַטער שטיקע. ער איז געוועזען איינער פון דיא ערשטע שרייבער, וואָס האָבען געגעבען דעם טהעאַטער אַ היינטיגען כאַראַקטער און האָבען געזוכט איהם אָפּצוטהיילען פון איין צירק און פּאַיאַצעריי. געלעבט האָט מאַליער פון 1622 ביז 1673.

מארז. — סאַמועל פינלעי מאָרז, איז דער ערפינדער פון טעלעגראַף. יונגערהייט האָט ער זיך געלערנט צו זיין איין קינ־סטלער אין מאַלעריי און האָט זיך באַ־שעפטיגט מיט דעם ביז ער איז אַלט געוואָרען אַ יאָהר 40, קיין גרויסען זשעני האָט ער דאָך אין דעם ניט גע־צייגט. מיט עלעקטראָ־מאַגנעטיזם האָט ער זיך פּאַראינטערעסירט דורך אַ צופאַל, דיזער צופאַל האָט אָבער ארויסגעבראַכט דעם שרייבענדעם טע־לעגראַף. וויא עס פיהרט זיך האָט מען פון איהם זיין פּאַטענט געזוכט צו בערויבען און ער האָט געהאַט פיעל טרייעלס וועגען זיין ערפינדונג. עס איז איהם נאָך אַ האַרטנעקיגען קאַמפּף געלונגען דיא טריילס צו געווינען, און ער איז איינער פון דיא ווינציגע ערפינ־דער, וואָס מען האָט ווירקליך געגעבען דעם פערדיענטען כבוד און ער האָט פערבראַכט רוהיג זיינע עלטערע יאָה־רען. ער האָט געלעבט פון 1781 ביז 1872.

מאראַט. — זשאַן פּאָול מאראַט איז גע־ווען איינער פון דיא הויפּט פיגורען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלו־ציאָן. ער איז געווען איין זוהן פון איין רייכען דאָקטאָר, מאראַט האָט אויך גע־שטודירט מעדיצין און איז אין אַ קור־צע צייט געוואָרען דער בעריהמטעסטער און דאַרום אויך דער רייכסטער דאָק־טאָר פון פּאַריז. פאַר זיינע ספּעציעלע פעהיגקייטען האָט מען איהם געמאַכט פאַר אַרצט צום קייזער, גאָר ניט קי־קענדיג אויף דעם וואָס מאראַט האָט

שוין דאַמאָלס געדרוקט בראַשורען וואו
ער האָט אַגיטירט געגען מאָנאַרכיע.
ער האָט אָבער אין 1788 אוועקגעוואר-
פען דאקטאריע און האָט זיך מיט לייב
און זעעלע אָבגעגעבען דער פראנצויזי-
שער רעוואָלוציאָן, ער איז געווען דע-
גרעסטער ליעבלינג פון פאלק אין יענער
צייט. ער איז געווען איינער פון די
ראדיקאלסטע רעוואָלוציאָנערען, ער
וואר אבער איין גרויזאמער ראכע-נע-
מער. ער איז געטויטעט געווארען פון
איין פרוי שארלאטע קארדע, וועלכע
האָט מיט זיין טויט געוואלט איין ענדע
מאכען צו זיינע גרוילטהאטען וועלכע
מאראט האָט בעגאנגען געגען זיינע איי-
גענע גענאָססען, וואָס זיינען ניט גע-
ווען אזוי ראדיקאל וויא ער. געלעבט
פון 1743 ביז 1793.

מאָריס, וויליאם, (1834—1896) ענגלי-
שער סאציאליסט, מאָלער און דיכטער.
אַלס דיכטער איז ער געווען אַנערקענט
פאר איינעם פון דיא גרעסטע פון זיין
צייט אין ענגלאנד. בעריהמט זיינען
זיינע ווערקע: „גן עדן אויף דער ערד",
„נייעס פון ערגעץ ניט" און „דער חלום
פון דזשאהן באל". ער האָט אויך
געשריעבען פיעלע רעוואלוציאָנערע
ליעדער, וועלכע ווערען געזונגען אין
סאציאליסטישע קרייזען אין ענגלאנד
און אמעריקא. פון 1881 ביז 1885 איז
ער געווען אין דער „סאָשיאל דעמאָ-
קראטיק פעדעריישיאן". ווען דיא פע-
דעריישיאן האָט זיך געשפאלטען האָט
מאָריס געגרינדעט דיא „סאציאליסטי-
שע ליעג" און האָט ארויסגעגעבען א
וועכענטליכע סאציאליסטישע צייטונג.
שפעטער האָט ער זיך צוריקגעצויגען
פון דער רעש'יגער בעוועגונג, נאָר ער
האָט אונטערשטיצט דיא סאציאליס-
טישע בעוועגונג ביז זיין טויט מיט
ראטה און טהאט.

מאַרקס, קאַרל, געבוירען דעם 5טען מאי
1818 אין טריער. ער איז דארט גע-
גאנגען אין גימנאַזיום און פון דארט
אין דיא אוניווערזיטעטען פון באָנן
און בערלין, וואו ער האָט געלערנט יורי.
ער איז געווען מיטארבייטער און דער-
נאָך רעדאקטאר פון דער „רהיינישער
צייטונג". אין 1843, ווען דיא צייטונג
האָט געמוזט איבערבייטען איהר ראַ-
דיקאלען טאָן, איז ער ארויס פון דער
רעדאקציאָן און איז אוועק נאָך פאריז,
וואו ער האָט מיט ארנאָלד ריוזש ארויס-
געגעבען דיא „דייטש - פראנצויזישע
יאהרביכער". דא האָט ער זיך פאל-
שטענדיג בעקענט מיט דעם שטודיום
פון דעם סאציאליזמוס. אין 1845 איז
ער אויסגעוויזען געווארען פון פאריז
און איז אוועק נאָך בריסעל, בעלגיען.
אין 1846-47 האָט ער געשריעבען גע-
גען פרודהאָן זיין בראשורע „דאס
עלענד פון דער פילאזאפיע". אויף דיא
קאָנגרעסען פון דעם קאָמוניסטען-בונד
אין לאנדאָן אין 1848 האָט ער רעאָר-
גאניזירט דעם בונד. מיט פרידריך ענ-
געלס צוזאמען האָט ער דאן געשריעבען
דעם „קאָמוניסטישען מאניפעסט". דיא
רעוואלוציאָן פון 1848 האָט איהם גע-
רופען נאָך דייטשלאנד. דארט האָט
ער רעדיזשירט דיא „נייע רהיינישע
צייטונג" און איז געווען טהעטיג ביז
1849, ווען ער איז אויסגעוויזען גע-
ווארען פון דייטשלאנד. ער איז דאן
אוועק נאָך פראנקרייך, אָבער ער איז
אויך פון דאָרט אויסגעוויזען געוואָרען
און ער איז צוריקגעקומען קיין לאנדאָן.
אין 1850 האָט ער דארט ארויסגעגע-
בען דיא „רעוויו פון דער נייער רהיי-
נישער צייטונג". דער נאָך האָט ער
מיטגעארבייט אין דער „נויארק טרי-
ביון" ביז דעם אויסברוך פון דעם אמע-
ריקאנישען בירגער-קריעג. זיין זשור-
נאליסטישע טהעטיגקייט האָט איהם
אָבער ניט אָבגעהאלטען פון זיינע עקאָ-
נאָמישע און געשיכטליכע שטודיען. ער
האָט אין דיא פופציגער יאהרען פער-
פאסט איינינע געשיכטליכע און עקאָ-
נאָמישע בראשורען, צווישען זיי דיא
„קריטיק פון דער פאליטישער עקאָנאָ-
מיע". דעם 24טען סעפטעמבער 1864
האָט זיך אין לאנדאָן געגרינדעט דיא
אינטערנאציאנאלע ארבייטער אַסאָצי-
אַציאָן. זייט דאן איז ער געווען כמעט
אין גאנצען מיט איהר פערנומען. אכט
יאהר האָט דיא אינטערנאציאנאלע עק-
זיסטירט און זיא איז דערנאָך אונטער-
געגאנגען צוליעב מחלוקות. מארקס איז
נאָך אימער געבליעבען דער בעראטהער
פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג

אין פערשיעדענע לענדער. זיין הויפט ארבייט האָט ער אָבער אריינגעלייגט אין זיין ווערק „קאפיטאל“ און אין 1867 איז ערשיענען דער ערשטער טהייל דערפון. דעם 14טען מערץ 1883 איז מארקס געשטארבען אין לאנדאן.

**מורילא.** — מורילא ב ארטהאלאמעי עסטעבאן, איז איין שפאנישער קינסטלער אין בילדער מאָהלען, ער איז געווען זעהר א פרומער קאטהאָליק, און זיינע בילדער טראגען מייסטענס איין רעליגיעזען חאראקטער, געלעבט האָט ער פון 1618 ביז 1682.

**מייערבער.** — דזיאקאמא מייערבער, מיט דעם אידישען נאָמען יעקב מאיר בער, איז ביי דער מוזיקאלישער וועלט אָנגענומען אלס דער צווייטער צו מאצארט, זיינע הויפט אָפערען זיינען: „דיא הוגענאָטען“, „אפריקאנערין“, „פראָפעט“, „דינארא“, און „ראָבערט דער טייוועל“. ער איז איינער פון דיא ווייניגע קאָמפאָניסטען וואָס האָבען געלעבט איבער 70 יאָהר. געבאָרען וואר ער דעם 5טען סעפט. 1791, געשטאָרבען מאי דעם 2טען 1864

**מילטאָן.** — דזשאן מילטאָן איז איין ענגלישער פאָעט, ער האָט פיעל מיטגעהאָלפען אראָפווארפען דיא מאָנארכיע אין ענגלאנד, ער ווער א גרויסער פערעהרער פון קראָמוועל, וועלכער איז נאָך דעם אליין געוואָרען איין דיקטאטאָר איבער ענגלאנד. זיין הויפט ווערק איז „פאראדייז לאָסט“, עס איז איבערזעצט אין אלע אייראָפעאישע שפראכען. געלעבט פון 1608 ביז 1674.

**מינסטער.** — סעבאסטיאן מינסטער איז געווען איין העברעאיסט, געאָגראפער און מאטעמאטיקער פון 16טען יאהרהונדערט, ער איז געווען איינער פון דיא ערשטע וואָס האָבען ארויסגעגעבען א גראמאטיקע פיר לשון קודש, און איז אויך דער ערשטער וואָס האָט דאָס זעלביגע אויך געמאכט פאר דער חאלדעאישער שפראך. ער האָט אָנגפאנגס זיך געלערנט ביי דיא קאטהאָלישע יעזואיטען, איז אָבער איבערגעגאנגען נאכהער צו דיא לוטהעראנער קירכע. געלעבט פון 1489 ביז 1552.

**מיצקעוויטש.** — אדאם מיצקעוויטש, א פוילישער פאָעט. פון דיא סלאווישע פאָעטען ווערט ער גערעכענט דער צווייטער פון פושקין. צוליעב פאָליטישע אנגעלעגענהייטען איז ער געווען פערפאָלגט פון דער רוסישער רעגיערונג און האָט געמוזט לעבען אין אויסלאנד. אין פאריזער קאללעדזש פון ליטעראטור איז ער אין 1840 ערוועהלט געוואָרען אלס פראָפעסאָר פון די סלאוויאנישע ליטעראטור, ער האָט אָבער געמוזט פון דער שטעלע אָבגעזאָגט ווערען: פון דיא גרויסע צרות, ארמוט און מאנכע מאָל הונגער, וואָס ער האָט געליטען, איז איהם דער פערשטאנד צומישט געוואָרען. פון זיינע פאָעטישע ווערקע צייכנען זיך ספעציעל אויס „פאן טאדעוש“ און „קאָנראד וואלענראד“. מיצקעוויטש איז געבוירען אין נאָוואָגרודאָק, לעבען מינסק. אין 1798, געשטאָרבען איז 1855 אין קאָנסטאנטינאָפאל, וואו ער האָט געהאלטען אין אָרגאניזירען איין פאָלק פון פאָליאקעס, וועלכע זאָלען נעהמען אנטהייל אין דער קרימעאישער מלחמה געגען רוסלאנד.

**מיראבאָ.** — האנאר גבריאל מיראבאָ איז איינער פון דיא גרעסטע שטאאטסמענער און אָראטאָרען, וועלכע פראנקרייך האָט געהאט, ער איז געווען זעהר טהעטיג אין דער ערשטער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן, אלס איינער פון איהרע אנפיהרערס. ער האָט געלעבט פון 1747 ביז 1791.

**מענדעלסאָן.** — בארטהאָלדי, פעליקס, איז נאָך יעצט איינער פון דיא ליעבלינגע אין דער דייטשער מוזיקאלישער וועלט, וועלכען זיי שטעלען אָפט ארויס אלס דעם גרעסטען מוזיקאלישען זשעני. פעליקס מענדעלסאָן איז געווען איין אייניקעל פון דעם בעריהמטען אידישען געלעהרטען און פילאָסאָף מאָזעס מענדעלסאָן. געב. אין פעברואר דעם 3טען 1809, אין האמבורג. איין טאלאנט האָט מען אין איהם בעמערקט ווען ער איז אלט געוואָרען פיער יאָהר. דער פאָעט געטהע איז געווען איינער פון זיינע גרעסטע בעוואונדערער. מענדעלסאָן האָט לאנג ניט געלעבט.

דעם 4טען נאָוועמבער 1847 איז ער געשטאָרבען, דאָס הייסט, ווען ער האָט קוים דערלעבט ביז 38 יאָהר.

---

## נ.

**נאָרדאו.**— מאַקס נאָרדאו, דער בעריהמ־טער פיהרער פון די ציוניסטען איז אַ געבוירענער אונגארישער איד. פון פּראָ־פעסיאָן אַ דאָקטאָר און אַ געשיקטער דערצו, פאַרנעהמט ער זיך אָבער מעהר מיט ליטעראַטור. און אין ליטעראַטור איז ער אַ מייסטער אויף אַללע זאַכען, שרייבט קריטיקען, ראָמאַנען, דראַמ־מעס, סאָציאַל פּאָליטישע ארטיקלען, פּאָעזיע א. ז. וו. דיא ביכער אָבער מיט וועלכע ער האָט זיך שטארק אויסגע־צייכענט און איז געוואָרען וועלט בע־ריהמט, זיינען געוועזן דער ערשטער: „דיא קאָנווענציאָנעלע ליגענס פון דער קולטור־מענשהייט" און דער צווייטער: „דעגענעראַציאָן".

**ניוטאָן.** — סער אייזיק ניוטאָן האָט גע־זאָלט זיין אַ פּארמער, אזוי האָט זיין מאַמע געוואָלט, איהר וואונש איז ניט ערפילט געוואָרען, ניוטאָן איז געוואָרען איין געלעהרנטער און איז יעצט בע־טראַכטעט אַלס דער גרעסטער זשעני, וועלכען דיא מענשהייט האָט ווען גע־געבען. ער האָט געמאַכט ענטדעקונג ביינאַהע אין יעדער ברענטש פון ווי־סענשאַפט. און יעדע ענטדעקונג איז געוועזן ניט אַבי אַ וואַסערע, יעדע פון זיי האָט געמאַכט איין רעוואָלוציאָן אין יענער וויסענשאַפט צו וועלכער זיא בעלאַנגט. געלעבט האָט ניוטאָן פון 1642 ביז 1727.

---

## ס.

**סאָמנער.** — טשאַרלס סאָמנער איז איין אַמעריקאַנער שטאַאַטסמאַן, וועלכער האָט פיעל בייגעטראָגען צו דער בע־פרייאונג פון דיא ניגערס. ער איז געוועזן גערעכענט אַלס איינער פון דיא ראַדי־קאַלסטע מענער אין יענער צייט. מען האָט איהם אָפט געסטראַשעט מיט דעם טויט, סאָמנער אָבער נאָך יעדען סטראַ־שונאָק פלעגט ער נאָך מעהר אטאַקירען דיא פערטהיידיגער פון שקלאַפעריי אין סענאַט און ליטעראַטור. איינמאָהל איז מען איהם בעפאַלען אין זיין צימער און איהם שיער געטויטעט, ער איז לאַנג גע־לעגען קראַנק נאָך דעם. מיט פּרעזידענט גראַנט האָט ער אויך געהאַט איין קריעג. און וואר דארום עקספּעלט פון סענאַט. סאָמנער איז אויך געוועזן איינער פון דיא געלעהרענסטע יוריסטען פון זיי־נער צייט, ער האָט מיטגעמאַכט אַללע ראַדיקאַלע בעוועגונגען, און איז געוועזן דער הויפּט רעדנער ביי דער היזיגער גאַסטליכער אויפנאַהמע פון דעם בע־ריהמטען אונגארישען רעוואָלוציאָנער קאָססוטה. געלעבט האָט סאָמנער פון 1811 ביז 1874.

**סאַפיר.** — מאריטץ סאַפיר איז געוועזן איינער פון דיא שאַרפסטע וויציגע שרייבער פון דער ערשטער העלפט פון לעצטען יאָהרהונדערט. ער איז אויס־געוואַקסען אין אַ פרומע, אידישע שטוב און מען האָט גאָר אנפאַנגס געוואָלט מאַכען אַ רב פון איהם, ער האָט גע־לערענט אין דער פּראַג'ער ישובה. טראָטץ דעם וואָס ער איז שוין איבער פינפציג יאָהר טויט, ווערען זיינע הו־מאָריסטישע שריפטען זעהר פיעל געלע־זען און בעוואונדערט פון דאָס דייטש לעזענדעם פּובליקום.

**סאָקראַט.** — סאָקראַטעס איז איין אַלט־גריכישער פילאָזאָף. ער האָט געלעבט מיט אונגעפעהר פינף הונדערט יאָהר פאר קריסטוס'ען. ער האָט זיך אויס־געצייכענט אין פרייזין און אין זיינע דעמאָקראַטישע האַנדלונגען. מען האָט איהם פאר דעם אַרעסטירט און פער־משפּט צום טויט.

**סוויפט.** — יונתן סוויפט, געבוירען אין דובלין, נאָוועמבער 3טען 1667, ער איז דער אויטאָר פון „דיא רייזען פון גוליווער", ער וואר איין איירישער פּאַטריאָט, און האָט העפטיגע פּראָ־טעסטען געמאַכט געגען ענגלאַנד, פאר דעם וואָס זיא אונטערדריקט אזוי שטאַרק אירלאַנד.

**סטאַל.**— מאַדאַמע דע סטאַל,—אַננאַ לוי־איזע דזשערמיין, איז איינע ליטעראַטין פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטענס צייטען, האָט זיך אויך פיעל געמישט אין דער

פאליטיק פון פראנקרייך, און האט גע־מוזט פון דארט אנטלויפען. געב. 1776 געשטארבען אין 1817.

סטעפענסאן. — דזשארדזש סטעפענ־סאן איז איין ענגלישער אינזשינער, וועלכער האט זיך בענוצט מיט דער סטים אינדזשען אום צו מאכען דעם ערשטען לאקאמאטיוו און אייזענבאהן. ער האט געלעבט פון 1781 ביז 1848.

סטראקאש, מאררים, האט זיך מיט דעם געמאכט בעריהמט, וואס ער איז געווען איינער פון דיא ערשטע אנטרעפעניא־רען אבצושאטצען דיא טאלאנטען פון אדעלינא פאטי, מיניע האאוק, כריסטינא נילסאן און דיא ניקיטא. ער האט פיעל בייגעטראגען צו דעם וואס זיי זיינען געווארען וועלט בעריהמט.

סיינט־סימאן, קלאד הענרי דע (1825—1760). א קינד פון רייכע און אדעליגע עלטערן. ער האט גענאסען א גרויס־ארטיגע ערציהונג און האט אין דער יוגענד געלעבט א גוטען טאג, האט פיעל ארומגערייזט. געלערנט האט ער אלעס, אבער אהן א סדר, אהן א סיס־טעמע. ווען ער איז אלט געווען 42 יאהר איז פון זיין גרויסען פערמעגען, וואס ער האט געקראגען בירושה, גע־ווארען א תל; ער איז געבליעבען א קבצן און ער איז געווען געצוואונגען צו טאהן עטוואס, אום צו פערדיענען זיין ברויט. ער האט זיך גענומען צו לי־טעראַרישער ארבייט, האט אנגעשריע־בען צוויי שריפטען, אבער איהם איז ניט געלונגען צו צוציהען צו זיך דיא אויפמערקזאמקייט פון דער ליטערא־רישער וועלט. דערוויל איז זיין נויטה געווארען גרעסער. איינער פון זיינע אמאליגע געשעפטספיהרער, א געוועזער דיארד, האט איהם ארויסגערא־טעוועט פון נויטה און האט איהם אריינ־גענומען צו זיך. סיינט־סימאן האט אלזא געקענט פארזעצען זיינע שטו־דיען. אבער דיזער פריינד זיינער איז אין מיטען דערינען געשטארבען און ער איז ווידער געבליעבען אין עלענד און נויטה. אין 1823 האט ער געמאכט א פערזוך זיך צו נעהמען דאס לעבען. עס איז איהם ניט געלונגען. נור ער האט דעביי פערלארען אן אויג און איז געבליעבען אבגעשוואכט. ער האט נאך געלעבט צוויי יאהר, אין וועלכע ער האט פערפאסט זיינע צוויי הויפט־ווערקע: „דער קאטיכיזמוס פון דיא אינדוסטריעלע“ און „דאס נייע קריסט־טענטהום“.

סמיטה.—אדאם סמיטה איז איינער פון דיא גרעסטע פאליטיקאל עקאנאמיס־טען, אויב ניט דער פאטער פון דיזער וויסענשאפט. זיין הויפט ווערק איז, „איין אונטערזוכונג וועגען דיא רייכ־טהימער פון פעלקער, אין איהם צייגט ער אויף אז ניט נאר אין אגריקולטור אדער אין קאמערציע, זאנדערן וואו עס עקזיסטירט נאר, וואס עס איז עפעס ווערטה, איז דאס דיא פרוכט פון ארבייט. סמיטה'ן איז אויך געלונגען אויפצוווייזען וויא עקאנאמיש עס איז דיא פערטהיילונג פון ארבייט. ער האט געלעבט פון 1723 ביז 1790.

סערוואנטעס.—מיגועל סערוואנטעס סא־וועדרא, איז געב. דעם 9טען אקטאבער 1547, געשטארבען אפריל דעם 23טען 1616, ער איז דער אויטאר פון דעם בעריהמטען בוך „דאן קיכאט“. איז געווען א זוהן פון רייכע עלטערן און האט בעקומען זעהר א גוטע שוהל־ביל־דונג, איינמאל אין זיינע רייזען איבער איטאליען איז ער בעפאלען געווארען פון מאורען, וועלכע האבען פארנומען אלס געפאנגענעם און האבען איהם פארקויפט אין אלזשיר אלס שקלאף. עס האט איהם געקאסט פיעל מיה ביז ער האט זיך פון דארט ארויסגע־ריסען, און זיין ליטעראַרישע טהעטיג־קייט הויבט זיך אן מיט דער פעריאדע פון זיין בעפרייאונג.

סערוועטוס. — מייקעל סערוועטוס איז געווען איין בעוואוסטער מעדיצינער, ער האט זיך ספעציעל בעשעפטיגט מיט אנאטאמיע און פיזיאלאגיע, און האט בייגאהע ערקלעהרט דיא צירקולאציאן פון בלוט, ער איז געווען איין פריידיינ־קער און האט ניט נאר אפגעלייקענט דעם קאטהוליציזמוס, זאנדערן אפילו דיא הייליגע דריי איינינקייט, פאר אזא אפיקורסות האבען דיא קאלווינסטישע גלחים איהם פער'משפט צום טויט. דען 27טען אקטאבער 1553 איז סערוועטוס

לעבעדיגערהייט פערברענט געוואָרען. ער איז געבאָרען אין יאהר 1511.

ספּאַלאַנזאַני. — לאַזאַר ספּאַלאַנזאַני איז איין איטאַליענישער געלעהרטער, וועלכער האָט זיך באַשעפטיגט מיט נאַטור - וויסענשאַפט, ער האָט אויפגעצייגט וויא דער מאָגען ארבייט ביי אינזעקטען, ער האָט אויך געצייגט מיט וועלכע שנעליגקייט דאָס הארץ טרייבט דאָס בלוט איבער דעם גאַנצען קערפּער. ספּאַלאַנזאַני האָט געלעבט פון 1729 ביז 1799.

ספּינאָזאַ. — ברוך ספּינאָזאַ איז געבוירען געוואָרען דעם 2טען נאָוועמבער 1632 אין אַמסטערדאַם. זיינע עלטערען זיינען שפּאַנישע אידען. ספּינאָזאַ האָט זיך אויסגעצייכנעט גאַנץ יונגערהייט פאַר זיין פעהיגקייט און שכל. ער איז געווען דער בעסטער תלמיד וואו ער האָט נאָר געלערנט. ווען ער איז עלטער געוואָרען, האָט ער זיך בעקאַנט מיט איין דאָקטאָר וואַן־דען־ענדע, און דיזער האָט איהם געגעבען צו לעזען דיא ווערקע פון דעקראַט, זשיאָרדאַנאָ ברונאָ און אַנדערע פרייערנקער, דער זעלבער דאָקטאָר האָט ספּינאָזאַ'ן אויסגעלערנט לעזען לאַטיין, דיא שפּראַך אויף וועלכער דיא בעסטע ווערקע זיינען געווען געשריבען אין יענער צייט. ווען ספּינאָזאַ איז געוואָרען איין אפיקורוס האָבען דיא אידישע רבנים פון אַמסטערדאַם אָפּעריטט ספּינאָזען 1000 פלאָרין אַ יאָהר, אז ער זאָל דאָס ניט ארויסווייזען און זאָל קומען אין שוהל ווען ניט ווען פון לייטענס וועגען. ספּינאָזאַ האָט זיך מיט פעראַכטונג אָבגעזאָגט פון אַזאַ האַנדעל. איין איד, אַ פאַנאַטיקער, איז איינמאָל בייגעכאַפּט איהם בעפאַלען און האָט איהם געוואָלט דערשטעכען. נור דיזע סאָרטען אַטאַקעס, און ניט דער חרם, אין וועלכען מען האָט איהם ארייַנגעלעגט, האָט ספּינאָזאַ'ן געצוואונגען צו פערלאָזען אַמסטערדאַם. ער האָט זיך בעזעצט אין אַ קליין שטעדטעל און האָט פון דאָרטען דורך קאָרעספּאָנדירען געפיהרט זיין פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר'ן פרייזינען. זיינע הויפּט ווערקע זיינען אין זיינע צייטען ניט געווען געדרוקט, ווייל קיין דרוקער האָט עס ניט געוואָלט ריזיקירען. נור קלענערע זאַכען זיינען געווען געדרוקט און אויך דיזע אונטער איין פאַלשען נאָמען און אָהנע דיא אַדרעסע פון דעם דרוקער. ברוך ספּינאָזאַ איז געשטאָרבען פון טשאַכאָטקע אין עלטער פון 45 יאהר, דעם 21טען פעברואר 1677.

סקאָטט. — וואַלטער סקאָטט, איז איינער פון דיא בעגאַבטעסטע ראָמאַנען שרייבער פון דער ענדע פון דעם פאָרלעצטע יאהר הונדערט, מייסטען האָבען זיינע ראָמאַנען צו טאָהן מיט דעם אַמאָליגען לעבען פון דיא שאָטלאַנדער, און פיעלע פון זיי טראַגען איין היסטאָרישען כאַראַקטער. געלעבט האָט ער פון 1771 ביז 1832.

---

## ע.

עבערס. — געאָרג מאָריטץ עבערס איז פון דיא בעוואוסטע, וועלכע האָבען זיך געמאַכט פאַר איין אויפגאַבע דורך אויסגראָבונגען אויסצוגעפינען דעם קולטור שטאַנד אין אַלטען מצרים אין דיא צייט ווען דיא פּרעה'ס האָבען דאָרט רעגיערט. עבערס איז געלונגען צו מאַכען פערשיעדענע ענטדעקונגען אין דער עגיפּטאָלאָגיע, און איינער פון דיא דאָקומענטען, וועלכען ער האָט אויסגעפונען, איבערגעלעזען און פערטייטשט טראָגט זיין נאָמען. ער האָט אויך געשריבען פיעלע ראָמאַנען אויס דעם לעבען אין דעם אַלטען עגיפּטען וויא אויך פון מאָדערנעם לעבען. געבאָרען וואר עבערס אין דייטשלאַנד אין יאהר 1837.

עדיסאָן. — טהאָמאַס אלווא עדיסאָן, דער גרויסער אַמעריקאַנישער עילוי, וועלכער האָט אַזוי פיעל נייעס אויפגעטאָהן מיט עלעקטריציטעט, איז אַ קינד פון אָרימע עלטערן, געבאָרען אין מילאַן, אָהייאָ, אין יאהר 1847. עדיסאָן איז וואָס מען רופט דאָ אָן אַ סעלף מייד מען. זיינע ערשטע ערפינדונג איז געווען איין טעלעגראַף וואָס זאָל דרוקען דיא דעפּעשען. עדיסאָן האָט יעצט איבער 1000 פּאַטענטען אויף פערשיעדענע זאַכען, ער איז דער איינצעלנער

ערפינדער וואס איז יעצט נאך ווירקליך רייך.

**עליאָט.** — דזשאָרדזש עליאָט איז א פסעוודאָנים, דער ריכטיגער נאָמען פון דער וועלט בעריהמטער ענגלישער שריפטשטעלערין איז חנה קראָסס, איהר מעדכען נאָמען איז עוואַנס. איהרע בעסטע ווערקע זיינען פעליקס האלט, מידדל מארטש און ראָמאָלא. געלעבט האָט זיא פון 1820 ביז 1880.

**עמערסאָן.** — ראלף וואלדא עמערסאָן איז איינער פון דיא אנגעזעהענסטע פיגורען אין אמעריקאַנישען זשורנאַליזמוס; עמערסאָן איז געווען א פּאָעט, א פילאָזאָף און קהל'ס מאַן. אָנפאנגס איז ער געווען א גלח, מען האָט איהם אָבער בעשולדיגט אין אטהעאיזמוס און ער האָט דאָס פריסטעריי אויפגעגעבען. ער איז געווען איינער פון דיא ערשטע אבאָליוציאָניסטען, ער האָט גרויסען אַנטהייל גענומען אין דער גרינדונג פון דער קאָמוניסטישער קאָלאָניע „ברוקס־פארם", פון וועלכע פיעלע אמעריקאנישע זשורנאליסטען זיינען ארויסגעקומען. עמערסאָן האָט געלעבט פון 1803 ביז 1882.

**ענגעלס, פרידריך,** געבוירען דעם 28טען נאָוועמבער 1820 אין בארמען אלס זוהן פון א רייכען פאבריקאנט. פון 1842 ביז 1844 איז ער געווען בעשעפטיגט ביי א פאבריק־אונטערנעהמונג אין מאנשעסטער, ענגלאנד, האָט דערנאָך גענומען אנטהייל אין דער אָוועניסטישער און דער טשארטיסטישער בעוועגונג. אין 1844 האָט ער זיך צונויפגעטראָפען מיט מארקס'ן אין פּאריז. זיי האָבען צוזאמען פערפאסט דאס בוך „דיא הייליגע פאמיליע א. ז. וו." אין 1845 האָט ענגעלס פערבראכט א היבשע צייט אין זיין געבורטס־שטאָדט בארמען. דארט האָט ער געשריעבען זיין בוך: „דיא לאגע פון דער ארבייטער־קלאסע אין ענגלאנד". ער האָט ניט געקענט בלייבען ביי זיין פאמיליע, וועלכע איז געווען פרום און קאָנסערוואטיוו און איז אוועק נאך בריסעל, בעלגיען, וואו מארקס האָט דאן געוואוינט. צוזאמען מיט איהם איז ער אריין אין דעם „קאָמוניסטישען בונד" און פון דאן אָן איז ער כמעט געגאנגען מיט מארקס'ן האנד אין האנד. האָט מיט איהם איבעראל מיטגעארבייט. ווען דיא „רעווי פון דער נייער רהיינישער צייטונג", וועלכע מארקס האָט ארויסגעגעבען, איז אונטערגעגאנגען, איז ענגעלס ווידער אוועק קיין מאנשעסטער און האָט זיך בעשעפטיגט אין א פאבריק, וואו זיין פאטער איז געווען בעטהייליגט. אין 1864 איז ער געוואָרען א שותף אין דיזער פאבריק. אין 1869 האָט ער זיך צוריקגעצויגען פון געשעפט און איז אוועק נאך לאנדאָן, וואו ער איז געבליעבען ביז זיין טויט. אין דער אינטערנאציאנאלער ארבייטער־אסאָסיאציאָן איז ער געווען מיטגליעד פון גענעראל־ראטה און סעקרעטער פיר בעלגיען, איטאליען און שפאניען. צווישען 1877 און 1886 האָט ער אָנגעפיהרט זיין קאמפף געגען דיהרינג. דיא איבעריגע יאהרען זיינע האָט ער אָבגעגעבען אויף דיא פארטזעצונג פון מארקס' לעבענס־ווערקע, הויפּטזעכליך זיין „קאפּיטאל". אין 1885 האָט ער ארויסגעגעבען דעם צווייטען טהייל און אין 1894 דעם דריטען טהייל פון מארקס' „קאפּיטאל". דעם 5טען אויגוסט 1895 איז ער געשטארבען אין לאָנדאָן.

**עסמאַרק.** — יאָהאן פרידריך עסמארק איז איינער פון דיא אנגעזעהענסטע כירורגען פון לעצטען יאהרהונדערט. זיין נאָמען טראָגען פערשיעדענע כירורגישע אינסטרומענטען, וועלכע ער האָט אויסגעטראכט, אויך איניגע אָפּעראציאָנען. ער האָט אָנגעמאכט א גרויסע בורענינע דאָ אין אמעריקא מיט דעם וואָס ער האָט געזאָגט אז דיא אמעריקאנער כירורגען האָבען ניט ריכטיג בעהאנדעלט דעם פּרעזידענט גארפיעלד ווען ער איז געשאָסען געוואָרען פון גיטאָ'ן. עסמארק איז געבאָרען געוואָרען דעם 9טען יאנואר 1829 אין דייטשלאנד.

---

## פּ.

**פּאָא.** — עדגאר אללען פּאָא איז איין אמעריקאנער פּאָעט. זיינע ווערק האָבען אָנגעמאכט א רושם ניט נאָר אין

דער ענגלישער ליטעראטור נור אין דער גאנצער וועלט, ער אליין איז אָבער גע־ווען דער אונגליקליכסטער פון אללע ליטעראטען. זיינע קורצע סקיצען און ליעדער, פאר וועלכע ער פלעגט בעקו־מען איין קליינעם פרייז, פלעגען זיין איבערגעדרוקט אין אללע צייטונגען און זשורנאלען אָהנע דעם ער זאָל וואָס האָ־בען דערפאר. פון זיינע ווערק צייכנעט זיך בעזאָנדערס אויס דאָס ליעד „דיא גלאָקען" ער האָט געלעבט פון 1809 ביז 1849.

פאַססאַרט, ערנסט, איז איין שוישפּיע־לער וועלכער האָט זיך ספּעציעל אויס־געצייכענט אין דיא קלאַססישע דראַ־מען. ער שטאַמט פון אידישע עלטערן. איז געב. דעם 11טען מאי 1841.

פאסקאל. — בלעיז פאסקאל איז געווען איין גרויסער געלעהרטער, זיינע ענט־דעקונגען האָבען פיעל בייגעטראָגען צו דער ענטוויקלונג פון מאַטעמאַטיקע און פיזיקע, געלעבט האָט פאסקאל פון 1623 ביז 1662 .

פאראצעלזוס. — פאראצעלזוס איז גע־באָרען געוואָרען אונגעפעהר אין דיא יאָהרען 1490—1493. ער איז איינער און פיעלייכט דער ערשטער, וועלכער האָט איינגעזעהן אז דיא מעדיצין, וויא זיא איז געפיהרט געוואָרען ביז איהם, איז געווען פאַלש. ער האָט געזוכט צו זוכען אורזאכען פון קראנקהייטען און זיי צו בעזייטיגען, ער האָט געוואָלט שטעלען דיא מעדיצין אויף א וויסענ־שאפטליכען באָדען און פערבינדען זיא מיט כימיע. ער איז געווען א כימיקער און איהם איז עס געלונגען אָבטהיילען זילבער פון גאָלד.

פיטהאַגאָר. — פיטאַגאָראס איז איין גע־לעהרטער פון אַלטערטהום, געבוירען 566 יאָהר פאר יעזוס'ן, ער איז געווען איין מאַטעמאַטיקער, פילאָזאָף און אויך איינער פון דיא ערשטע אויב ניט דער ערשטער געאָלאָג. ער האָט געזאָגט אז דיא ערד מוז זיין רונד, און בעוועגט זיך אין דער לופטען, ער האָט אויך אָנ־געצייגט אז דער אבענד שטערן איז דער זעלבער וויא דער מאָרגענשטערן. ער איז געשטאָרבען מיט 477 יאָהר פאַר קריסטוס געבורט.

פעטראַרקאַ. — פעטראַראַקאַ אָדער פראַנציסקאָ דיאַ פאַרענצאַ, איז איי־נער פון דיא אונשטערבליכע איטאַלי־ענישע פאָעטען, געב. אין 1304, און געשט. אין 1374.

פעין. — טהאָמאַס פעין איז געבאָרען געוואָרען אין ענגלאַנד אין יאָהר 1736, האָט עמיגרירט אין אַמעריקאַ אין 1768. ער האָט זיך גלייך אָנגעהויבען צו מישען אין קהל'שע זאַכען, און איז געווען איינער פון דיא פעהיגסטע און טאַפּפערסטע קעמפּפער פון דעם בע־פרייאונגס קריעג. ווען אַמעריקאַ האָט געהאַלטען שמאָל און האָט שוין גע־וואָלט איינגעהן אויף אַ קאָמפּראָמיס מיט ענגלאַנד איז פעין ארויסגעקומען מיט איין פאַמפלעט „קאָממאָן סענס" וואָס האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דעם גאַנצען עסק. זיינע רעדען און פּראָקלאַמאַציעס פלעגט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן בענוצען אום אויפצומונ־טערן דעם גייסט פון דיא סאָלדאַטען. זיין גאַנצען לעבען האָט ער אוועקגע־געבען דעם קאַמפּף פאַר פרייהייט, „מיין פאַטערלאַנד איז דאָרט, וואו פרייהייט איז ניטאָ" איז געווען זיין מאָטטאָ, און ווירקליך וויא נור אַמערי־קאַ האָט אויסגעפיהרט דעם קריעג און האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפען דעם יאָך פון דער ענגלישער הערשאַפט, איז פעין גלייך אַוועק קיין ענגלאַנד פּראָפּאַ־גאַנדירען רעספּובליקאַנישע אידעען דאָרט ; מען האָט איהם דאָרט אַרעס־טירט און פער'משפט צום טויט ; עס האָט פעין'ען אָבער געלונגען אַנטלויפען און ער איז אַוועק אין פראַנקרייך. דאָרט האָט ער אויך געפונען אַרבייט פאַר זיין רעוואָלוציאָנערען גייסט, ער איז אָנגעקומען אַהין גראָד אין דער צייט, ווען ראָבעספּיער האָט שטאַרק געדעספּאָטעוועט ; פעין האָט דאָס גע־וויס ניט פערשוויגען, דער סוף איז געווען—אַז ער איז אָפּגעזעסען אין תפיסה, און האָט זיך אויסגעדרעהט קוים מיט זיין לעבען, נור דערפאַר, וואָס ראָבעספּיער איז געפאַלען און האָט ניט געהאַט צייט צו לאָזען פעין'ען גילאָטינירען. אין דיא אָסט ראַגען פון ענגלאַנד און פראַנקרייך האָט טהאָמאַס פעין אָנגעשריעבען זיין בעסטעס ווערק

„דיא אידזש אָף ריזאָן" אויסער דעם האָט ער נאָך אַ פריהער פערפאַסט דעם בוך „דהי רייטס אָף מען" געשטאָרבען איז פּעין אין אמעריקא אין 1809. ער איז דער איינצעלנער פון דיא אמעריקאַנער העלדען וועלכען מען קען צוגלייכען צו ב. פרענקלין.

פּרודהאָן, פּיער זשאָזעף, געבוירען 15טען יאנואר 1809 אין בעזאנסאָן, פראנקרייך. ער איז אָנפאנגס געוועזן אַ שריפטזעצער, און כאָטש ער האָט געמוזט זעהר שווער ארבייטען צו פערדיענען אויף צו לעבען, האָט ער זיך פון דעסטוועגען אבגעגעבען מיט וויסענשאפטליכע שטודיען. אין 1839 האָט ער ארויסגעגעבען זיין בעריהמטעס ווערק: „וואס איז אזוינס אייגענטהום?" זייט דאן איז ער געוועזן אין פּאריז. זיין בוך איז פון דער פּרעסע איגנארירט געוואָרען. פּרודהאָן איז געוועזן געצוואונגען אַנצונעהמען אַ שטעלע אַלס סעקרעטער ביי אַ ריכטער. אין 1841 איז ערשיענען דיא צווייטע און אין 1842 דיא דריטע שריפט איבער אייגענטהום. אין 1846 איז ערשיענען זיין צווייטעס הויפּט-ווערק „עקאָנאָמישע ווידערשפּריכע". נאָך דער רעוואָלוציאָן פון 1848 האָט ער ארויסגעגעבען זיין צייטונג „דער פאָלקס-פערטרעטער". ער איז אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס מיטגליעד אין דער נאַציאָנאַל פערזאמלונג, האָט דאָרט געהאַלטען אַ פייעריגע רעדע און האָט אַגיטירט פאר דער „פאָלקס באַנק". אין 1849 איז איהם געלונגען דיא „פאָלקס-באַנק" צו גרינדען, אבער זיא איז באַלד אונטערגעגאנגען, ווייל מען האָט איהם פעראורטהיילט אויף דריי יאהר געפענגניס פאר אַן אנגריף אויף נאַפּאָלעאָן'ן. אין 1858 האָט ער ארויסגעגעבען זיין בוך „פון דער גערעכטיגקייט", וואו עס איז וויטער געוועזן עטוואס וואס דיא רעגיערונג האָט זיך געקענט צושטעפען. ער האָט ניט געוואלט ווידער פעראורטהיילט ווערן און איז אוועק נאָך בריסעל. ענדע 1862 איז ער געקומען צוריק קיין פּאריז, וואו ער איז געשטאָרבען דעם 19 פעברואר 1865.

פּריסטלי. — דזשאָזעף פּריסטלי איז געוועזן איין ענגלישער כימיקער, ער האָט ארויסבעקומען אָקסידזשען (זויערשטאָף) פון קוועק-זילבער-ראָסט (אָקסייד אָוו מערקורי) דאָס איז געוועזן נאָך מיט 4 יאהר פריהער איידער לאַוואָאזיע האָט עס אויסגעפונען. פּריסטלי האָט אויך אויסגעפונען אַז פפלאַנצען אָטהעמען אין זיך איין דיא טהיילען פון דער לופט, וועלכע זיינען שעדליך פאר לעבעדיגע בעשעפעניסען, און דערמיט רייניגען דיא פלאַנצען דיא לופט. פּריסטלי האָט נאָך פיעלע זאַכען אויסגעפונען, ער האָט אָבער זיך שטארק געהאַלטען אָן דיא אַלטע טהעאָריען, מיט וועלכע ער האָט ניט געקענט גוט ערקלעהרען זיינע אייגענע ערפינדונגען, דיעזע אָבער האָבען שטארק געזאָגט עדות געגען יענע טהעאָריען. פּריסטלי האָט געלעבט פון 1733 ביז 1804.

---

# פּ.

פּולטאָן. — ראָבערט פּולטאָן, דער ערפינדער פון דאַמפף-שיפען, איז אַ געבאָרענער אמעריקאַנער. אָנפאנגס האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט אויסטראַכטען איין שיף, וואָס זאָל געהען אונטערן וואסער, און האָט אַזעלכע אויף געמאַכט, זיא איז אָבער ניט געוועזן פאָלקאָמען צופריעדענשטעלענד, און ער האָט ניט געקענט געפינען קיין בעלנים מיט געלט, וואָס זאָלען איהם אויסהעלפען. ער איז געב. אין יאָהר 1765, געשטאָרבען אין ניו יאָרק אין יאָהר 1815, און וויא מען זאָגט איז ער געשטאָרבען מעהר פון הארץ-קלעמענעש, וואָס מען האָט ביי איהם אָבגעשטריטען זיינע ערפינדונגען.

פוריע, פראנסואַ מאריע שארל (1772 1837). אַ בעריהמטער פראנצויזישער אוטאָפּיסט. ער איז ערצויגען געוואָרען אַלס האַנדעלס-מאַן. פון זיינע עלטערן האָט ער אין 1893 גע'ירש'ענט אַ גרויסע ירושה, אָבער ער האָט זיא פארלאָרען אין ספּעקולאַציאָנען. אום צו האָבען מעהר צייט צו שטודירען, האָט ער אויפגעגעבען זיין שטעלע און איז געוואָרען אַ מעקלער, פלעגט וויא עס

איז פערדיענען אויף זיין ברויט. אין
יענער צייט איז דאס ביי איהם ענט־
שטאנען דער פלאן וויא אזוי צו רע־
פארמירען דיא געזעלשאפט. שפעטער
האט ער דיזען פלאן אויספיהרליך צו־
גליעדערט אין זיין ווערק: „דיא טהע־
אריע פון דיא פיער בעוועגונגען“. די־
זעס ווערק ענטהאלט א גייסטרייכע
קריטיק פון דיא פעהלערן און ווידער־
שפריכע פון דעם היינטיגען סאציאלען
סיסטעם. זייט דאן האט זיך פוריע
אבגעגעבען מיט דער ענטוויקלונג און
פערשפרייטונג פון זיינע אידעען. ער
האט ארויסגעגעבען צו דיזען צוועק
איינינע גרויסע ווערקע און האט גע־
האט א היבשע ביסעל אנהיינגער.

פיכטע. — יאהאן גאטליעב פיכטע איז
איין שילער און נאכפאלגער פון דעם
פילאסאף קאנט, ער האט שטארק פא־
פולאריזירט זיין לעהרערס אידעען, ער
איז אבער געווען מעהר א מעטאפיזי־
קער וויא זיין לעהרער, טראץ דעם האט
מען איהם חושד געווען אז ער איז איין
אטהעאיסט, און ער האט געמוזט פער־
לאזען זיין שטעלע אלס פראפעסאר פון
פילאסאפיע אין דעם אוניווערזיטעט
פון יענא גב. 1762 גש. 1814.

פראנצאז. — קארל עמיל פראנצאז איז
ביינאהע יעדען בעקאנט מיט זיינע גע־
שיכטען „דיא אידען פון בארנאוו“ און
„משה׳לע סאלדאט“ (מאשקע פון
פארמא), דאס זיינען אבער ניט דיא
איינצעלנע ווערקע זיינע, ער האט אויך
געשריעבען אנדערע זאכען, ניט פון
אידישען לעבען, אזוי וויא „דער הערר
פרעזידענט“ און „דער קאמפף פאר
רעכט“. אין דער לעצטער בעשרייבט ער
איין בויערען אויפשטאנד אין גאלי־
ציען. געב ווער פראנצאז דעם 25טען
אקטאבער, 1848.

פרייליגראטה, פערדינאנד (1876־1810)
א בעריהמטער רעוואלוציאנערער דיכ־
טער אין דייטשלאנד. ער האט זיך ענט־
וויקעלט פון א קויפמאן צו א פאעט.
ער האט מיטגעארבייט אין פיעלע רא־
דיקאלע און סאציאליסטישע צייטונגען
און צייט־שריפטען. איז געשטאנען אין
פערבינדונג מיט מארקס און פיעלע
אנדערע סאציאליסטען. זיינע געדיכטע
ווערען געלעזען און דעקלאמירט אויף
פיעלע רעוואלוציאנערע פערזאמלונגען,
אין דייטשלאנד איז ער פערפאלגט גע־
ווארען און ער איז אנטלאפען נאך בעל־
גיען. פון דארט איז ער אין 1846 גע־
קומען אין דיא שווייץ, פון דארט איז
ער אריבער קיין לאנדאן. אין 1848 איז
ער געפאהרען צוריק נאך דייטשלאנד,
וואו ער איז פערבליעבען ביז זיין טויט.

פרענקלין. — בענדזשאמין פרענקלין
געבארען אין באסטאן, א זוהן פון ארי־
מע עלטערן, האט אנגעפאנגען זעלבסט־
שטענדיג מאכען א לעבען אלס פרינ־
טער אין פילאדעלפיא, און איהם איז
דארטען גוט געגאנגען. פרענקלין איז
געווען איין סאמאאוטשקא, דאך האט עס
איהם געלונגען צו מאכען דיא גרעסטע
ערפינדונג פון זיין צייט, נעמליך, אז
דער בליטץ און עלעקטריציטעט זיינען
איינס און דאס זעלבע. אבער ניט **צוליעב**
זיין גרוים למדנות אליין ווערט פרענק־
לין געעהרט.

פרענקלין איז געווען א גרויסער
שטאאטסמאן און פרייהייטס־קעמפפער,
פון 1757 ביז 1775 איז ער געווען דער
פארשטעהער פון דיא אמעריקאנישע
קאלאניע אין ענגלאנד, וואו ער האט
שטארק פראטעסטירט געגען דערטירא־
ניי, מיט וועלכער מען האט בעהערשט
זיין פאטערלאנד, עס איז געקומען אזוי
ווייט, אז ער האט פון דארט געמוזט
אנטלויפען און וויא ער איז געקומען
צוריק אין אמעריקא, איז שוין דא דיא
מלחמה געווען אין פולען גאנג. ער
איז דא גלייך געווארען איינער פון דיא
הויפט־פיהרער פון דער רעוואלוציאנע־
רער גאווערנעמענט, מען האט איהם
אבער גלייך געשיקט נאך פראנקרייך,
וואו נאך צוויי יאהר שווערער ארבייט
אלס שטאאטסמאן איז איהם געלונגען
צו בעוועגען דיא פראנצויזישע פראווי־
טעלסטווא אנצוערקענען דיא אמערי־
קאנער קאלאניעס אלס א בעזונדערע
מאכט פון ענגלאנד און צו געבען שטי־
צע צו דיא קעמפפענדע פאטריאטען
אין אמעריקא. נאך דער מלחמה איז
פרענקלין צוריק געקומען אבער שוין
איין שוואכער און אלטער מאן; אלט
אין קערפער אבער ניט אין גייסט, ער
האט גלייך אנגעפאנגען איין קאמפף

געגען דער שווארצער שקלאַפעריי, און זיין לעצטער פּאָליטישער אקט איז געווען איין אדרעס צום קאָנגרעס, וואו ער האָט געפאָדערט אז מען זאָל בעפרייען דיא ניגערס. ער האָט געלעבט פון 1706 ביז 1790.

---

# צ.

**ציצעראָן.** — מארקוס טוליאוס ציצעראָ איז געווען איינער פון דיא פעהיגסטע שטאאטסמענער פון רוים, ער איז געווען דער טאַלאנטפאָלסטער רעדנער, זיינע רעדען און שריפטען זיינען יעצט נאָך גערעכענט אַלס מייסטערשטיקע. ער האָט געלעבט אין יוליאוס צעזאר׳ס צייטען, פון 106טען יאָהר ביז דעם 43טען יאָהר פאר קריסטוס געבורט.

---

# ק.

**קאַבעט.** — עטיענע קאַבעט איז געווען איין טהעטיגער פראנצויזישער קאָמוניסט, פאר זיין טהעטיגקייט האָט ער פיעלע מאָל געמוזט שטעהען פאר׳ן גע־ריכט, צוויי מאָל האָט ער געמוזט אנטלויפען פון פראנקרייך. אין 1849 איז ער געקומען אין אַמעריקא און האָט גטגרינדעט צוויי קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, איינע אין טעקסאס, וועלכע איז זיך באַלד צופאלען, און דיא אנדערע אין דעם שטאאט אילינאָיז. ער האָט געלעבט פון 1788 ביז 1856.

**קאהנהיים.** — יוליאוס קאהנהיים איז געווען איינער פון דיא געלעהרטע, וועלכע האָט געשטעלט, זאָ צו זאָגען, דיא פאטאלאָגיע אויף דיא פיס, איז געווען פראָפעסאָר און דער לייטער פון דעם פאטאלאגישען אינסטיטוט אין לייפציג.

**קאופמאַן.** — איזידאָר קאופמאַן איז איינער פון דיא יונגע רעאַליסטען אין דער קונסט פון מאַלעריי, זיינע הויפט סובדזשעקטס קומען פון דעם לעבען פון דער אידישער אָרימער קלאַסע, ביי איהם קענט איהר געפינען בילדער פון מלמדים, חדר אינגלאך, בטלנים, אידישע פּאָליטיקער, שאַך־שפּיעלער, א. ז. וו. פון געבורט איז ער איין אונגאַרישער איד.

**קאַלווין.** — דזשאָן קאַלווין איז געווען פון דיא ערשטע וואס האָט פּראָטעסטירט געגען דיא אויפפיהרונג פון דער רוימישער קירכע, ער האָט געלעבט פון 10טען יולי 1509 ביז מאַי דעם 7טען 1564.

**קאמפּאנעללא.** — טהאָמאס קאמפּאנעלא, איין דאָמיניקאנישער מאָנאך, איז צו טראָטץ פון זיין בערוף, געווען איין קעמפּפער פיר׳ן פּראָגרעס פון פרייען געדאנק און דער מענשהייט. ער איז אויפגעטראָטען אלס באשיטצער פון גאַלילעאָ, פערטהיידיגט דיא אסטראָנאָמישע סיסטעמע פון קאָפּערניק — האָט ער ניט, אויך אזוי פיעל אפּיקורס׳ש האָט ביי איהם ניט געהאַט. ער האָט געקליימט אז משה און יהושע האָבען זיך מיט וויסענשאַפט ניט אָבגעגעבען, און דארום קען יעדער איינער אויסגעפינען וואָס נייעס, וועלכעס מעג אפילו מיט דער ביבעל ניט אין גאַנצען הארמאָנירען פאר זיין פרייזינן האָט ער געמוזט זיצען אין תפיסה, דאָס האָט איהם אָבער ניט אָבגעהאַלטען צו פּרעדיגען דאָס, וואָס ער האָט גערענקט איז רעכט. קאמפּאנעלא איז אויך דער אויטאָר פון דעם „זאָנען שטאאט“, וועלכע שטעלט פאָר איין אידעאַלען קאָמוניסטישען שטאאט. ער איז דארום גערעכענט צווישען דיא אוטאָפּיסטען. געלעבט פון 1568 ביז 1639.

**קאָנט.** — אגיאוס קאָנט איז איינער פון דיא גרעסטע דענקער פון לעצטען יאָהרהונדערט, ער איז דער גרינדער פון דער פּאָזיטיוויער פילאָזאָפיע, א פראנצויז פון געבורט און האָט געלעבט פון 1798 ביז 1857.

**קאנט.** — עמאַנואל קאנט איז געבוירען פון ארימע עלטערן אין שטאָדט קעניגסבערג. ער האָט געצייגט איין ליעבע צו פילאסאפיע נאָך אין זיינע יונגע יאהרען. אויסער זיין הויפט ווערק „דיא קריטיק פון ריינעם פערשטאַנד“ האָט ער אויך פיעל געשריעבען איבער פיעלע אָפּטהיילונגען פון וויסענשאַפט, וויא געאָגראַפיע, פיזיקע, געאָלאָגיע, אַלגעמיינע נאַטור־געשיכטע א. ז. וו., אין דער צייט פון דער פראנצויזישער רע־

וואָלוציאָן האָט מען איהם פאַרבאָטען צו האַלטען לעקציעס אין דעם קעניגסבערגער אוניווערזיטעט, מען האָט מורא געהאַט אַז ער זאָל חס וחלילה ניט אַראָבפיהרען פון וועג דיא שטודענטען מיט זיין אפיקורת'עס, ער איז געבאָרען דעם 22טען אַפּריל 1724, געשטאָרבען דעם 12טען פעבּרואַרי 1804.

קאַסציאוסקאָ. — טהאַדעאוס קאָסציאוסקאָ, אַ פּאָלאַק פון געבורט איז געוועזען איינער פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָנס גענעראַלען אין דעם בּעפרייאונגס קאַמפּף פון אַמעריקאַ. ער האָט אָבער נאַכהער צוריק אומגעקעהרט זיך נאָך זיין פאַטערלאַנד, וויא אַין אַמט פון איין גענעראַליזמוס האָט ער געפיהרט דיא מלחמה געגען דייטשלאַנד און רוסלאַנד. אין איינע פון דיא שלאַכטען האָט מען איהם געשטאָכען אָבער ניט געטויטעט, ער איז גענומען געוואָרען אין פּליען און איז אבגעזעסען איניגע יאהר אין פּעטערבּורגער טורמע, עס איז איהם אבער געלונגען זיך אויסרייסען פון דאָרטען און האָט פאַרבּראַכט זיינע לעצטע יאהרען אין פראַנקרייך און אין שווייץ, וואו ער איז דורך אַ צופאַל געשטאָרבען דעם 17טען אָקטאָבּער 1817.

קאָפּערניקוס. — ניקאָלאַי קאָפּערניק, האָט געלעבּט צווישען דיא יאָהרען 1473 און 1543. ער איז געוועזען דער זוהן פון פּוילישע עלטערן און זעהר אָרעמע לייט, איינינגע זאָגען אַז זיי זיינען געוועזען שקלאַפען. פון קליינוויים אָן האָט ער געצייגט אַ גרויסען טאַלאַנט צו מאַטהעמאַטיק. איהם האָט עס זיך געלונגען צו ערקלעהרען דיא בּעוועגונגען פון דער ערד און אַנדערע פּלאַנעטען, דיזע ערקלעהרונגען זיינען נאָכהער אָנגענומען געוואָרען און פאָרמולירט געוואָרען אין איין סיסטעמע וועלכע טראָגט יעצט זיין נאָמען.

קאַרלייל. — טהאָמאַס קאַרלייל איז געוועזען איינער פון דיא טיכטיגסטע ענגלישע שרייבּער פון לעצטען יאהר־הונדערט; זיינע הויפּט ווערקע זיינען דיא געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, העראָיען און זייער נאָכשלעפּערס (היראָס ענד היראָוואָר־שיפּינג), קראָמוועל, און פרידריך דער גרויסער. ער האָט געלעבּט פון 1795 ביז 1881.

קאַרפּעלעס. — גוסטאַוו קאַרפּעלעס געב. נאָוו. דעם 11טען 1848 איז בּעקאַנט פאַר זיין „אַלגעמיינע געשיכטע פון ליטעראַטור“. מייסטען טהיילס דאָך האָט קאַרפּעלעס מיטגעווירקט אין ספּעציעלע אידישע צייטשריפטען. זיינע בּיאָגראַפיען און בּעטראַכטונגען איבער בּערנע, היינע, שפּילהאַגען ווערען גערעכענט אַלס דיא ריכטיגסטע און מייסטערהאַפט אויסגעפיהרטע.

קופּער. — פּעטער קופּער איז בּעוואוסט איבּער גאַנץ אַמעריקאַ אַלס איינער פון דיא אַנגעזעהנסטע פילאַנטראָפּען, ער איז געוועזען איינער פון דיא ערשטע וואָס האָט געספּענדעט זיין געלט ניט אויף קלויסטערס, זאָנדערן אויף בּיבּליאָטהעקען, שולען און נאָך אַנדער זאַכען, וואָס קענען בּריינגען דעם אָרימען עולם אירגענד וועלכע נוצען, ער האָט געשטאַמט פון אָרימע עלטערן. דער קופּער אינסטיטוט מיט דיא שולען, פרייע לעזע־צימער, איז אַלעמען וואָס האָבּען נור געהערט פון ניו־יאָרק, בּעקאַנט.

קופּער. — פעניִמאָר קופּער ווערט אָנערקענט אַלס דער אַמעריקאַנישער וואַלטער סקאָטט, זיינע ראָמאַנען האָבּען צו טהאָן מיט דעם לעבּען פון דיא אינדיאַנער, ער איז געבּוירען געוואָרען אין ניו־דזשערסי, אין יאהר 1789 אין געשטאָרבען אין 1851.

קייזער, מאַקס (1853—1888), אַ בּעגאַבטער סאָציאַליסטישער רעדנער און דעבּאַטאַנט אין דייטשען רייכסטאַג. שוין אַלס אינגעל איז ער געוועזען אַ סאָציאַליסט. זיין ערשטען פערדיענסט האָט ער זיך ערוואָרבען צווישען 1871 און 1873, אין דער אינטערעסע פון דער אייזענאַכער בּעוועגונג. ער איז געוועזען שטאַרק פערפאָלגט פון דער רעגירונג. אין 1878 האָט מען איהם אויסגעוויזען פון דרעזדען און פון דאַן אָן האָט מען איהם אַרומגעיאַגט פון איין אָרט צום צווייטען.

קירכהאָף. — קירכהאָף איז איינער פון

דיא גרעסטע געלערנטע פון לעצטען יאהר־הונדערט. איהם צוזאמען מיט בונזענען איז דאס געלונגען צו פערבע־סערען אזוי דעם ספעקטראסקאָפּ, (אזא מין סארט שפּאקטיוו) אז דורך איהם האָט זיי געלונגען אויסצוגעפינען גאנץ נייע עלעמענטען אין דער נאטור, נעמ־ליך, קעזיאום און רובידיאום. דורך זייערע פערבעסערונג אין דיזעם ספעק־טראסקאָפּ, מיט וועלכען דורך דעם ליכט פון קערפערשאַפטען, פּלאנעטען, שטע־רען א. ז. וו., קען מען אויסגעפינען פון וואס זיי באשטעהען, האָט עס געלונגען אויפצוצייגען אז דיא גאנצע זונן און פּלאנעטען סיסטעם באשטעהען ביינא־הע פון דיא זעלבע עלעמענטען, וועלכע מען געפינט אין אונזער פּלאנעטע— דיא ערד. קירכהאָף איז געווען א דייטש האָט געלעבט פון 1824 ביז 1887.

קלאפּסטאק.— פרידריך גאטליעב קלאפּ־סטאק איז איינער פון דיא גרעסטע פּאָעטען־ליריקער פון דעם 18טען יאהר־הונדערט. דיא סיוזשעטען זיינען מייס־טענס פון דעם לעבען פון דיא אלטע גערמאנען, און ביבלישע לעגענדען, זיין הויפּטווערק וועלכע ווערט יעצט נאָך זעהר הויך געשעצט איז „דער משיח“ געלעבט פון 1724 ביז 1803.

קעפּלער. — דזשאָן קעפּלער איז איינער פון דיא וואס האָבען געשטעלט אסטרא־נאָמיע אויף דעם וויססענשאפטליכען באדען וויא זיא שטעהט יעצט. קעפּלער איז געווען א געלעהרטער אין אללע פּרטים. ער האָט פערבעסערט דעם טע־לעסקאָפּ, ער האָט ערקלעהרט ווארום דאס וואסער אין מעער הויבט זיך און לאזט זיך אראב אין געוויסע צייטען פון מעת־לעת, ער האָט בעוויזען אז דיא זונן דרעהט זיך אויף ארום, ער איז געווען דער ערשטער צו בעהויפּטען אז לופט האָט וואג. ער האָט געלעבט פון 1571 ביז 1630.

קרעמיע. — גאסטאָן קרעמיע איז געווען איינער פון דיא הויפּט העלדען פון דער פּאריזער קאָמונע אין 1870. מען האָט איהם דערשאָסען דעם 30טען נאָוועמ־בער 1871. ער איז געווען אד. קרעמיעס דעם בעקאנטען פראנצויזישען מיניס־טערס, א פּלימעניק. געבאָרען פון אידי־שע עלטערן אין לים, זיך פראנקרייך אין יאהר 1830.

---

## ר.

ראבעספּיער. — מאקסימיליאן איזידאָר ראבעספּיער איז איינער פון דיא הויפּט העלדען פון דער פראנצויזישער רעוואָ־ העלדען פון דער פראנצויזישער רעוואָלו־ציאָן. פון איינע העכסטע איבערגעבענע נאטיקער. יעדען האָט ער חושד געווען אין פאלשקייט צו דער רעפּובליק, דיא זשיראָנדיסטען (דיא אומיערעני) זיי־נען פאָלשטענדיג פערטיליגט געוואָרען דורך זיין אגיטאציאָן, ער האָט גע־קעפּט פיעלע פון זיינע מיטארבייטער און חברים אין דער רעוואָלוציאָן. פון דעם 12טען יוני ביז 26טען יולי 1794 האָט ער געלאָזט אראָפּהאקען דיא קעפּ אם וויינינגסטען פון 1285 מענשען. ער איז אָבער אויך נאכדעם געקעפּט געוואָ־רען דעם 28טען יולי, 1794.

ראטהענבורג. — רב מאיר פון רטהענ־בורג איז געווען איינער פון דיא גע־לעהרענטסטע רבנים פון דעם 13טען יאהרהונדערט. עס איז זעהר ווערט צו בעמערקען דיא שטראמקייט פון זיין כאראקטער און זיין בערייטקייט צו אָפּ־פערן מיט זיך פאר גערעכטיגקייט און פאר איין אנדערענס טובה ווענען. רב מאיר איז געווען ארעסטירט, וויא אויך פיעלע אנדערע אנגעזעהענע אידען אין זיין צייט, ניט צוליעב איין פערברעכען חלילה, נאָר זאָנדערן צוליעב דאָס געלד, וואס אידישע קהילות פלעגען געבען פאר זייער בעפרייאונג. פאר רב מאיר האָט דער קיסר רודאָלף פאן האבסבורג געפאָדערט זעהר א גרויסע סומע אויס־לייזונגס געלט, ער האָט געוואוסט, אז פאר ראָטהענבורג'ען וועט מען שיקען געלט פון דער גאנצער וועלט. ראטהענ־בורג איז אָבער אויך געווען א הארטער מענש, ער האָט פערבאָטען דיא אידען צו צאָהלען פאר זיין אויסלייזען, און דערמיט מאכען א סוף צו דיעזער מע־טהאָדע פון אויסזויגען געלט ביי דיא אידען. ער איז דערפאר אָפּגעזעסען זיין לעבענסלאנג אין תפיסה, וואו ער איז געשטאָרבען אין 1293. ערשט 13 יאהר

נאָך זיין טויט האָט מען פאר א גרויסע סומע געלט ארויסגעגעבען זיין טויטען קערפּער צו דיא אידען, וועלכע האָבען איהם געבראכט צו קבר ישראל.

**ראסין.** — דזשין ראסין איז געווען איינער פון דיא גרעסטע דראמען שרייבער פון פראנקרייך און פיעלייכט פון דער גאַנצער וועלט. זיינע דראמען זיינען נאָך יעצט צימליך פּאָפּולער און ווערן נאָך יעצט זעהר בעוואונדערט. זיינע הויפּט ווערק זיינען „אנדראמאחא" און „אסתר". ראסין האָט געלעבט פון 1629 ביז 1699.

**ראססין.** — דזשיאקינא אנטאָנא ראססין איז איין איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר. ער האָט אָנגעמאכט א גרויסען רושם מיט דעם וואָס ער האָט פארבעסערט דיא מעטהאָדע פון אַקאָמפּאַנמענט אין דיא אָפּערען, זיינע הויפּטווערקע וואָס ער האָט געשריעבען זיינען דיא אָפּערען „סעמי ראמידע", „באַרביער דע סעוויל" „ווילהעלם טעלל" און „סטאַבאַט מאַטער".

**ראסקין,** דזשאָהן (1819—1900), ענגלישער קונסט־שריפטשטעלער. וויא וויליאם מאָרים האָט ער זיך אויך ענטוויקעלט צום סאציאַליזמוס דורך דיא קונסט. אין 1860 האָט ער אין קאָרנהילס מאַגאַזין געשריעבען איבער דיא ארבייטער־ארגאניזאציאן, איבער הערונג פון ווידזשעס, איבער פערזיכערונג פון אַלטע, שוואכע לייט, א. ז. וו. ער איז געווען טהעטיג שריפטליך ביז אָנפאנג פון דיא אכציגער יאהרען, ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגען פון דער עפענטליכקייט אויף זיין פארם אין קאניסטאָן.

**ראפאעל.**— ראפאעל סאנציא, איז אַנערקענט אַלס דער גרעסטער זשעני אין דער קינסטלער־וועלט זיינע בילדער ווערען יעצט געשעצט העכער וויא אירגענד וועלכע אַנדערע מאהלער פון זיינער צייט, ספּעציעל האָט ער זיך אויסגעצייכענט אין מאהלען מאדאנאס. ער איז געבוירען געווארען דעם 6טען אפּריל אין 1483 און איז געשטארבען אין 37 יאהר אַרום אין זיין געבורטסטאג.

**רא"ש.** — רא"ש, רבנו אשר בן יחיאל איז איינער פון דיא גרעסטע רבנים פון דעם 14טען יאהרהונדערט. אונטער זיין רעדאַקציאָן איז געשריבען געוואָרען פון יצחק בן יוסף ישראלי דאָס בעריהמטע אסטראָנאָמישע ווערק יסוד עולם. ער איז געשטאָרבען דעם 25טען אָקט. 1327.

**רובינשטיין** — אנטאָן. אנטאָן רובינשטיין איז אַזוי בעקאַנט אַלס איינער פון דיא וואונדערבארסטע קלאַווירשפּיעלער און קאמפאניסט, אז דערצעהלען וועגען איהם איז בייגאהע איבעריג. זיינע הויפּט ווערקע זיינען: „דיא מאַקאַבעען", „דעמאָן", „דמיטרידאָנסקאָי", „נעראָן". דיא אידען רעכנען איהם אַלס זייערען, דער אמת איז אָבער אז זיין זיידע איז שוין געווען א משומד. אנטאָן רובינשטיין איז געב. נאָוו. דעם 18טען 1829, און געשטאָרבען נאָוו. דעם 20טען 1894.

**רובענס.** — רובענס פעטער פּאול, איז איינער פון דיא גרעסטע מאהלער דער וועלט, זיין מאהלען איז געווען פיעלזייטיג, ד. ה. ער האָט געמאָהלט רעליגיעזע בילדער, סצענען פון קייזערליכע פּאַלאַצען, טיפּען פון דעם לעבען פון דעם פּראסטען עולם א. ז. וו., ער איז דער ערשטער וואס האָט אָנגעפאנגען צו מאָהלען לאנדשאַפטען אהנע עס זאָל זיין אויף דעם געזיכטען פון לעבעדיגע מענשען אדער אַזוי פון בריאות ער האָט געלעבט פון 1577 ביז 1640, האָט פארבראכט זיין לעבען אין אַנטווערפּען, וואר אבער געבוירען אין א קליין שטעדטעל אין זאקסען.

**רוססאָ.** — זשאן זשאַק רוססאָ איז א פראנצויזישער ליטעראט און פילאָסאָף. זיינע בעסטע ווערקע זיינען „זיינע עררינערונגען" (קאָנפעססיאָן) און „עמיל", דער צווייטער בוך בעהאַנדעלט ערציהונג און בילדונג. אין דיא אינגערע יאהרען האָט ער זיך פיעל בעשעפטיגט מיט מוזיקע און האָט אָנגעשריעבען עטליכע אָפּערען, איינע פון דיזע האָט געהאַט א גרויסען ערפאָלג אין יענער צייט. רוססאָ איז געבוירען געוואָרען אין זשענעווא (שווייץ) אין 1712, געשטאָרבען אין פּאַריז 1778.

**ריקארדא.** — דוד ריקארדא איז איי־

זוהן פון רייכע ענגלישע אידען. ער האט געשטודירט אין איין האנדעלס אקאדעמיע אום זיך אויסבילדען אלס פעהיגער קאמערסאנט, ווען ער איז גע־ווארען עטוואס איבער צוואנציג יאהר אלט, האט ער זיך גע'שמדט, חתונה געהאט פאר איינע מיסים ווילקינסאן, און איז אוועק האנדלען אויף אייגענע רעכענונג, ווייל דער פאטער האט מיט איהם מעהר ניט געוואלט האבען צו טאהן. ער איז געווען זעהר גליקליך אין זיינע אונטערנעהמונגען, און איז אין צייט פון פינף יאהר געווארען זעהר רייך, ער האט דאן אנגעפאנגען צו פער־נעהמען זיך מיט פאליטישער עקאנאמיע און ער איז געווארען דער גרעסטער גע־לערנטער אין דיזער וויססענשאפט אין זיין צייט. ער האט געלעבט פון 1772 ביז 1823.

רמב"ם. — רב משה בן מיימון הדיין. איז איינער פון דיא גרעסטע געלעהרטע און פילאזאפען וואס דאס יודענטהום האט געגעבען. זיין הויפט ווערק איז דער „מורה נבוכים", וועלכען ער האט געשריעבען אין דער אראבישער שפראך, אין וועלכער ער האט געשריע־בען ביינאהע אלע זיינע ווערקע. ער האט איינעגע פון זיי אליין איבערזעצט אין לשון קודש, און אנדערע זיינען אי־בערזעצט געווארען פון זיינע נאכפאל־גער. ער איז געבוירען געווארען דעם 30טען מערץ 1135 און געשטארבען דעצעמבער דעם 13טען 1204.

רעאמיור. — רען אנטואן רעאמיור איז איינער פון דיא גרעסטע געלעהרטע פון דעם 18טען יאהרהונדערט. ער האט זיך אויסגעצייכענט אין יעדער ברענטש פון וויסענשאפט. ווען ער איז געווען נאר 24 יאהר אלט, האט ער שוין בע־לאנגט צו דער פאריזער אקאדעמיע פון וויססענשאפטען. צוליעב זיין גרוי־סע געלערענטקייט האט איהם דיא דא־מאלסדיגע גאווערנמענט אנגעשטעלט צו אונטערזוכען אלע מינעראלע קוועל־לען פון פראנקרייך, רעאמיור האט פיעל פארבעססערט דיא מעטהאדען וויא אזוי אויסצוארבייטען אייזען און שטאהל און נאך אנדערע זאכען אין דער אינדוסטרי. רעאמיור האט אויכ־געקלערט איין טערמאמעטער (גראדוס־ניק צו מעסטען היטץ) וועלכער איז יעצט בעקאנט אין דער גאנצער וועלט. עס איז ווערטה צו בעמערקען דאס ווען דיא גאווערנמענט האט איהם בא־שטימט פאר זיינע פערדיענסטע א גרויסען יעהרליכען געהאלט, האט זיך רעמיור אבגעזאגט צו נעהמען מעהר וויפיעל ער דארף פאר זיך, דאס אי־בעריגע האט ער געהייסען אוועקגעבען אין דער אקאדעמיע פון וויסענשאפט, וואו מען זאל מאכען אויף דיא מיטעל עקספערימענטען, כדי מען זאל נאך נייעס אויסגעפינען, רעמיור האט גע־לעבט פון 1683 ביז 1757.

רשב"א. — אונטער דעם נאמען זיינען בעהאלטען דריי רבנים נעמליך, 1) רבנו שמעון בן אלעזר, 2) רבנו שמשון, 3) רבנו שלמה בן אדרת אללע דריי זיינען געווען בעשעפטיגט מיט שרייבען תוספות. דער מעהר בא־ריהמטער צווישען זיי איז געווען דע־3טער, ער איז געווען ראבינער אין בארצעלאנא, און צו איהם פלעגען פאה־רען אידישע יונגע לייט לעהרנען תורה פון דער גאנצער וועלט, געלעבט האבען דיא דריי אין דעם 2טען יאהר־הונ־דערט.

רשב"ם. — רב שמואל בן מאיר איז רש"י'ס איין אייניקעל, ער האט פער־נומען דעם זיידענס שטעלע אלס הויפט פון דעם ראביניסטישען קאלעגיאום, און אין זיין צייט איז ער גערעכענט גע־ווארען אלס דער צווייטער נור צו רש"ין, ער האט אבער נאכהער ניט געקענט איבערשטייגען אין למדנות זיין אינגערען ברודער רבנו תם.

רש"י. — רב שלמה יצחק איז געווען דער גרעסטער אידישער געלערנטער אין דיא מיטעלע יאהרהונדערטע. ארום איהם האבען זיך ארומגעקליעבען אלע רבנים פון זיין צייט און געשעפט פון איהם תורה. זיינע פרושים אויף דעם חומש און תלמוד זיינען גערעכענט אלס דיא בעסטע, און פיעלעס פון דעם איז געווען איבערזעצט אין אנדערע שפראכען. זיי האבען געהאט א שטאר־קע ווירקונג אויף דער קריסטליכער רע־ליגיאן און לוטהער, דער גרינדער פון דער פראטעסטאנטישער קירכע, ציטירט

אין פיעלע פלעצער רש"י'ן. רש"י האָט אויך אָנגעשריעבען פיעל פיוטים. ער האָט געלעבט פון 1040 ביז 1105.

ראדבערטוס, קארל (1805—1875). ער האָט שטודירט אין דיא אוניווערזיטעטען פון געטינגען און בערלין. אין 1848 איז ער ערוועהלט געווארען אלס אָבגעאָרדענטער. אין דעם מיניסטעריום פון אוערסוואלד־האנזעמאן האָט ער אָנגענומען דעם אמט פון מיניסטער פון פאלקס־אויפקלעהרונג. ער האָט עס אָבער מעהר ניט אָנגעהאלטען וויא 2 וואכען. איינזעהענדיג, אז דיא רעגירונג האָט ניט בדעה צו געהן צוזאמען מיט פראנקפורט, האָט ער זיך צוריקגעצויגען. פערציג יאהר נאָכאנאַנד האָט זיך ראדבערטוס אָבגעגעבען מיט דער סאציאלער וויססענשאפט און מיט שטודיען איבערן שטאאט. אין 1842 האָט ער שוין געשריעבען איבער דעם נאָרמאלען ארבייטס־טאג און האָט אין גרייפוואלד געגרינדעט א פעראיין צו פערבעסערען דיא לאגע פון דיא ארבייטער. ער איז געוועזען פרעזידענט פון דיזען פעראיין. ווען לאסאל האָט איהם אויפגעפאדערט זיך אָנצושליסען אן זיין בעוועגונג, האָט ראדבערטוס זיך ענטזאגט, ווייל ער האָט, ערשטענס, ניט געגלויבט אין דער אָבשאפונג פון דעם לאָהן־פרינציפ און, צווייטענס, האָט ער געהאלטען, אז דיא סאציאלע בעוועגונג דארף ניט זיין פערבונדען מיט דער פאליטישער.

---

# ש.

שאפענהאַער. — ארטהור שאָפענהאַער איז געוועזען איינער פון יענע אונגליקליכע פילאָסאָפען, וואָס מען ווילל זיי ניט פערשטעהן און מען האלט פון זיי ניט, ווייל זיי רעדען אזוי פליין, דאָס יעדער בשר ודם קען זיי אָהנע שוויריגקייטען און אָהנע פרושים לעזען און גלייך וויסען וואָס מען מיינט. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאהר 1788, האָט אָנגעפאנגען צו שרייבען ווען ער איז קוים געוועזען 20 יאהר אלט, איבער 30 יאהר האָט ער געשריעבען און האָט דאן בעשאפען זיינע בעסטע ווערקע, עס איז אָבער געוועזען מיט זיי קול קורא ולא ישמעו, ערשט אין 1846 האָט מען זיי בעמערקט. זיין פאָפולאריטעט האָט ער געוואונען ווען ער איז שוין געוועזען איין אלטער מאַן איבער 60 יאהר, ער איז געשטאָרבען אין 1860.

שובערט. — פראנץ פעטער שובערט איז געבאָרען געוואָרען דעם 31טען יאנואר 1797 אין וויען. ער איז געוועזען איין מוזיקאלישע נאטור אין פולען זינן פון דעם וואָרט. ער פלעגט שרייבען צייטענווייז 6—7 שטיק מוזיקע אין איין טאָג, און אין קיין איינצעלנעם קענט איהר ניט געפינען אז שובערט ווידערהאָלט זיך. ער האָט אזוי פיעל געשריעבען אז ער פלעגט זעהר אָפט זיינע אייגענעס ניט דערקענען. ווען ער האָט עס געהערט שפיעלען, און טראָץ דעם איז ער געוועזען דער אָרעמסטער פון אלע קאָמפאָזערס, וואָס האָבען ווען עקזיסטירט. שובערט איז געוועזען אויך איין מאַן מיט איין שטארקען כאראקטער, און האָט פיינט געהאַט בייגען זיין קאָפּ. מען האָט איהם איינמאָהל איינגעלאדען ער זאָל ווערן איין קאָמפאָזער פאר דעם קייזערליכען טהעאטער, ער האָט געמוזט אויסהאלטען אויף דעם אַן עקזאמען. ער האָט געדארפט אָנשרייבען פיר דעם טהעאטער איין שטיק; שובערט האָט עס אָנגעשריעבען, אלע זיינען געווען ענטציקט, דער טהייל פאר דער הויפט פרימאדאָנא אָבער, איז געוועזען זעהר איין שווערער, מען האָט געזאָגט ער זאָל דאָס ענדערן, „ענדערן געהט ביי מיר ניט“, האָט שובערט געענטפערט און איז אוועק ווייטער הונגערן. שובערט האָט אָנגעפאַנגען שרייבען מוזיקע ווען ער איז אלט געוועזען נאָר 13 יאהר. פיעלע פון זיינע ווערקע זיינען נאָך יעצט ניט געדרוקט. געדרוקטע זיינען פאָרלויפיג פון איהם דאָ 18 דראמאטישע שטיק, 8 סאקרעד קאָנצערטען, 10 סימפאָניען, 24 סאָנאטעס פיר פיאנאָ־פאָרטע און 457 ליעדער. ער איז געשטאָרבען א'ן אביון דעם 19טען נאָוועמבער 1828 און איז בעגראָבען געוואָרען אין פרעמדע תכריכים.

שווייצער, זשאן באפטיסט פאן (1875־

1833). ער האָט אויסגעשטודירט פאר אדוואקאט. צו ערשט איז ער געווען אין דער נאציאנאל־פעראיינס־בעוועגונג. פון דארט האָט ער זיך אָבער גלייך אָבגעריסען און האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער בעוועגונג פון לאסאל, מיט וועלמען ער איז געווארען פערזענליך בעקאנט. אין 1867 האָט ער געגרינדעט דעם „סאציאל - דעמאָקראט", וואו מארקס, ענגעלס און אַנדערע דייטשע סאציאליסטען האָבען די ערשטע מיטגעארבייט. זיי האָבען זיך דערנאָך צוריק געצויגען פון דער צייטונג, ווייל שווייצערס פאליטישע האַלטונג איז זיי ניט געפעלען. דעם זעלבען יאהר איז ער געווארען פרעזידענט פון דעם אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער־פעראיין און איז געבליעבען ביי דעם זעלבען אַמט ביז 1871. אין זיין צייט האָט דער פעראיין געמאַכט גרויסע פאָרטשריטע. שווייצער האָט אויך זעהר פיעל געלייסטעט פיר דיא אָרגאניזירונג פון די דייטשע געווערקשאַפטען. פון 1867 ביז 1871 איז ער געווען אַן אָבגעאָרדענטער אין רייכסטאג.

שומאַן. — ראָבערט שומאַן פערנעהמט אַ גרויסען פּלאַץ אין דער דייטשע מוזיקע, ער האָט אָנגעשריעבען איינינע סימפאָנען, עטליכע אָווערטיורען און איין אָפּערע מיט דעם נאָמען גענאָוועוואַ. ער האָט פיעל מעהר נאָך בייגעטראָגען צו דער ענטוויקלונג פון מוזיק דורך זיין קריטיק איבער איהר. ער האָט געלעבט פון 1810 ביז 1856.

שילּלער. — יאָהאַן קריסטאָף פרידריך שילּלער דער דייטשער פּאָעט און דראַמען שרייבער איז געבאָרען געוואָרען אין 1759. זיינע עלטערען זיינען ניט געווען רייכע, דער פאָטער האָט געדיענט אין דער אַרמעע, און פלעגט בעקומען איין קליינעם געהאַלט, ער איז אָבער געווען א הויך־געבילדעטער מאַן, און האָט זיך געסטארעט בילדען דעם זוהן וויא נור מעגליך, שילער האָט אָנפאנגס געשטודירט לאָו (געזעצע) האָט אָבער דאָס אויפגעגעבען און האָט אויסשטודירט אַלס דאָקטאָר. פּאָעטישען טאַלאַנט האָט ער געצייגט נאָך גאַנץ יונגער הייט. זיין ערשטער ווערק איז געווען „דיא רויבער", ווען ער איז נאָר 21 יאהר אַלט געווען. שילּלער איז געווען איין קרענקליכער פון נאַטור, און איז געשטאָרבען ווען ער איז קוים אַלט געוואָרען 46 יאהר.

שלעגעל. — קארל ווילהעלם פרידריך פאָן שלעגעל איז געווען איין דייטשער פילאָזאָף ער איז אָבער הויפטזעכליך בעקאַנט אַלס היסטאָריקער פון ליטעראַטור, ער האָט אויך געשריעבען פיעלע קריטישע אַרטיקלען און פּאָעזיע. ער איז געווען איין איידים פון דעם בעריהמטען מאָזעס מענדעלסאָן. ער האָט געלעבט פון 1772 ביז 1829.

שעללי. — פערסי ביישיע שעללי איז איין אַנגעזעהענער ענגלישער פּאָעט, וועמעס פּאָעזיע וועט ניט אַזוי שנעל פערגעסען ווערן. ער איז געווען איין פריידיינקער פון ביינאַהע קינדוויים אָן, און האָט פיעל דעריבער געמוזט ליידען; מען האָט איהם עקספּעלט פון האָך־שוהל, קאָללעדזש, זיין פּאָטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איהם, מען האָט ביי איהם צוגענומען צוויי קינדער איבער זיין אַטהעאיזמוס, עס האָט אָבער ניט געהאָלפען, שעללי איז געבליעבען ביי זיין פרייען געדאַנק. שעללי איז געשטאָרבען דורך אַ צופאַל, איין שיפעל אויף וועלכען ער און זיינער א פריינד האָבען זיך געשיפט האָט זיך איבערגעקעהרט און זיי זיינען דערטרונקען געוואָרען. שעללי האָט געלעבט פון 1792 ביז 1822.

שעללינג. — פרידריך ווילהעלם דזשאָזעף שעללינג איז געווען איין פילאָסאָף און נאַטורפאָרשער, ער בעלאַנגט צו דיא ראַדיקאַלסטע דענקער פון לעצטען יאהרהונדערט. ער האָט געלעבט פון 1775 ביז 1854.

שעקספּיער. — וויליאם שעקספּיער איז דער נאַציאָנאַלער פּאָעט פון ענגלאַנד און דער גרעסטער דראַמען שרייבער פון דער גאַנצער וועלט. דער דאַטום און יאהר פון זיין געבורט איז ניט בעקאַנט אויף זיכער, מען גלויבט אָבער אַז ער איז געבאָרען געוואָרען אין אַפּריל 1564. זיין פאָטער וואָס האָט בעקומען אַ סך נדן אי אַ ירושה איז געגאַנגען שלעכט, וויליאם איז אויסגע־

וואקסען אין אָרימקייט אָבער אין איין געבילדעטע אריסטאָקראַטישע פאַמיליע. שעקספּיער האָט יונג חתונה געהאַט, און דאָס האָט איהם געצוואונגען ארויסגעהן אין דער ווייטער וועלט זוכען גליק; ער האָט שטענדיג ליעב געהאַט פּאָעזיע און פאַרשטעלונגען און האָט געזוכט איין בעשעפטיגונג ביי דעם. עס איז איהם געלונגען אָנצוקומען אין אַ לאָנדאָנער טהעאטער, און דאָרט האָט ער שנעל בעוויזען זיין טאַלאַנט, ער איז אָבער אַלס טהעאטער אָנגעשטעלטער לאנג ניט פערבליעבען, זיין זשעניע צו שרייבען דראַמאַס האָט מען גלייך אָפּגעשעצט. איהם איז דאן אוועק פיעל בעסער. זיינע ווערק זיינען ביינאַהע אַלע אונשטערבליך, אַם מייסטען „קעניג ליער“, „שיילאָק“ און „מאַקבעטה“. שעקספּיער איז געשטאָרבען אין יאהר 1616.

שולטצע־דעליטש. — הערמאַן שולטצע־דעליטש, איז געווען פערדינאַנד לאַססאַלס שטאַרקסטער געגענער, ער איז געבוירען געוואָרן אין זאַקסען, דייטשלאַנד אין 1808. ער האָט געשטודירט יוריספּרודענץ, ער האָט זיך אָבער מיט מעהר ליעבע בעשעפטיגט מיט פּאָליטישע עקאָנאָמיע. אין יאהר 1848 איז ער געווען איין מיטגליעד פון דער נאַציאָנאַלער פאָלקס־פערוואַלטונג אין בערלין. ער האָט אויך שוין דאן ניט בעהאַלטען זיין מיינונג אז דער סטייט דאַרף ניט מאַכען קיין אונטערנעהמונגען, זיין אידעע איז געווען צו גרינדען קאָאָפּעראַטיווע פעראיינען. שולטצע־דעליטש האָט געגרינדעט דעם פאָלקס־באַנק אין דייטשלאַנד. דיזער באַנק האָט געצעהלט 480.507 מיטגליעדער אין יאהר 1878. שולטצע־דעליטש האָט פיעל בייגעטראָגען צו דעם ענטוויקלונג פון קאָאָפּעראַציאָנען ניט נור אין דייטשלאַנד, זאָנדערן אויך אין בעלגיאום, פראַנקרייך א. ז. וו. ש. ד. איז געווען איין געשיקטער שרייבער און זיינע הויפּטווערקע זיינען וועגען קאָאָפּעראַציאָן און פאָלקס באַנקען.

שלאָססער.—פרידריך קריסטאָף שלאָססער, דער דייטשער וועלט היסטאָריקער איז געבאָרען געוואָרען דעם 17טען נאָוועמבער 1776 ביי אָרימע עלטער. זיין פאָטער איז געווען איין אדוואָקאַט אין אַ קליין שטעדטעל און האָט געמוזט סופּאָרטען אַ פרוי מיט צוועלף קינדער און פון דיזע איז דער צוקינפטיגער היסטאָריקער געווען דער יינגסטער. צו זעקס יאהר איז זיין פאָטער געשטאָרבען, און מען האָט דעם קינד אוועקגעגעבען צו קרובים אויף ערציהונג, פ. ק. שלאָססער האָט נאָך גאַנץ יונגערהייט געצייגט אַ גרויסע ליעבע צו וויססענשאַפט, ער פלעגט רק האַלטען אין לעזען ביכער. דורך אייגענע פערדיענסטע וויא אויך דורך שטיצע פון קרובים און פריינד איז איהם געלונגען אויסצושטודירען ניט נאָר דאָס גימנאַזיאום נאָר אויך ענדיגען איין אוניווערזיטעט. שלאָססער איז געווען איין גרויסער בעוואונדערער פון קאַנט'ס פילאָזאָפיע, און אין היידעלבערגער אוניווערזיטעט וואו ער איז נאָכהער געוואָרען אַ פּראָפעססאָר האָט ער געפּרעדיגט דיא קאַנט'ס פילאָזאָפיע פון ריינעם פערנונפט. ער האָט אויך שטאַרק פּאָפּולאַריזירט דיא פרייע געדאַנקען פון וואָלטער, רוססאָ און אַנדערע. זיין הויפּט ווערקע זיינען אָבער געווען דיא וועלט געשיכטע און דיא געשיכטע פון 18טען יאהרהונדערט. פאַר דיזע ווערקע וועלכע זיינען געשריעבען אין אַ זעהר פּאָפּולערער שפּראַך, האָט שלאָסער געהאַט אויסצושטיין שאַרפע קריטיקעס. מען האָט איהם באַשולדיגט אז ער האָט געמאַכט פיעלע פעהלערען דורך דעם וואס ער האָט זיך ניט בענוצט און איגנאָרירט איינינע סטייט און רעגירונגס דאָקומענטען. שלאָססערס שטאַנדפּונקט איז אָבער געווען אז דיא געשיכטע פון בעזיעגטע שרייבען דיא בעזיעגער, און דיא אַלע סטייט דאָקומענטע זיינען עבען אַזעלכע געשיכטען, דארום מוז מען זיי ניט אַלעס גלויבען, שלאָססער איז געשטאָרבען דעם 23טען סעפּטעמבער 1881.

# קיטאיסקאיא ראזא . . .

איז דיא טהעע וואָס

## אללע מבינים טרינקען

עס איז דער ריינסטער, געשמאַקסטער און בעסטער טהעע אין מאַרקעט.

| | |
|---|---|
| נומער 1 — $1.40 | נומער 3 — $1.00 |
| " 2 — 1.20" | " 4 — 80 סענט |

נומער 5 — 56 סענט פער פונט

הויפט אַגענטען פיר אַמעריקאַ:

**The Hofman Tea Co.,**

197 DIVISION STREET,

New York.



מיר גיבען אייך דאָס
וואָס דער דאָקטאָר פערשרייבט!



# דר. ס. הארקאווי'ס
## אַפטייק

ברום קאר. סופפאלק סט.

האָט זיך ערוואָרבען אַ נאָמען דורך דיא ראיעלע מעדיצינען, וואָס ווערען דאָרטען פערפערטיגט.

**SAMUEL HARKAVY,**

Doctor of Pharmacy,

BROOME COR. SUFFOLK,

New York.






# MARCUS BROS.

## Clothiers & Tailors,

121—123 CANAL STREET,

Cor. Chrystie Street, NEW YORK.

בויך גארטלען פיר פרויען

# ברוך גארטלען,
# נאפעל גארטלען

און אלע אנדערע סאָרטען גארטלען ווע.'ז ביי אונז געמאַכט צו אָרדער ביליגער וויא איהר קריגט זיי פערטיגע אין אן אנדער פּלאַץ.

אלע גארטלען ווערן ביי אונז געפּאסט פון א דאקטאָר.

דער איינציגער פּלאַץ אויף דיא איסט סייד

## L. Cherey & Co.

464 Grand Street.

Cor. Pitt St., NEW YORK.

# וואשינגטאן טהעע
# טרינקט יעדער

ווייל עס איז ריין, געזונד און נארהאפט.

פאָדערט דיא וואשינגטאָן טהעע

פון אייער גראָסער אָדער טהעע פעדלער

צוויי נייע זאָרטען בוקעט טהעע

פיר 80 סענט און 1 דאָלער א פונט.

געפּאקט אין רויטע פאקעטען.

## K. RESS,

77=79 Gerry Street,

Brooklyn N. Y.

איהר דארפט בלויז זאָגען

אז איהר האָט זיך פאָטאָגראפירט ביי

# י. און מ. סמיטה,

# גרענד קאר. עסעקס

און יעדער וועט וויסען אז דיא בילד איז א גוטע

געדיינקט דיא אדרעסע

## גרענד קארנער עסעקס

איינגאנג פונקט אויפן קאָרנער

אָדער דורך עסעקס סטריט.

דער איסט סייד פוירניטשער עקסטשענדזש.

דער פּלאַץ וואו איהר קריגט אלעס וואָס זשעני און טאַלענט האָבען ערפונדען אין פאָרני טשור ליין איז ביי

# ל. ר. דזשאנעס
# 39-49 קאנעל סט.

ווילט איהר אויספוירניטשען אַ הויז? ווילט איהר קויפען אַ שיינעם פּרע־זענט פיר אַ פריינד?

גייט זיך דורך אין ראיעלסטען פוירניטשור סטאָר פון דיא איסט סייד צו

## L. R. JONES,

39=49 Canal St. New York.

אלע פריינדע פון „פאָרווערטס“ קויפען אין דיעזען סטאָר.

# יאזעף . . .

# באראנדעס

מופט אם 5טען מאַי נאָך

## 6 ראטגערס סטריט,

פונקט אויפ'ן קארנער איסט בראדוויי.



אויב איהר דארפט זיכערע

לייף, פייער, עקסידענט אדער

בוירגלערי אינשורענס, שרייבט

געפעליגסט און איך וועל דאצו

פינקטליך אַטענדען.



# JOSEPH . . .

# BARONDESS

## 6 RUTGERS ST.

Cor. E. Broadway New York.



דיא איינציגע מאַנופעקטשורערס אונד אגענטען פיר דיא פאָלגענדע בעוואוסטע פאַ־טענטין וועלכע זיינען רעקאָמענדירט בייא גרויסע פראָפעסאָרען און ווערען געברויכט אין דער גאנצער וועלט.

טריאומף פיר אלע מאָגען קראנקהייט, פערשטאָפּונג אונד לעבער־קראנקהייט פרייז 15 ס., קאָנטרי 16 ס.

טריאומף געגען הוסטען, ערקעלטערונג א. ז. וו. פרייז 25 ס. קאָנטרי 50 ס.

ל י ב י ט זייף, דיא ריינסטע זייף צו פערהיטען פון אלע הויט קראנקהייט, אונד צוא מאַכען דיא הויט ווייך אויך גלאַט אונד שיין, דיא בעסטע זייף פיר דיא טאָילעט אונד פיר בייבים פרייז 15 ס. קאָנטרי 17 ס.

ל י ב י ט העיר טאָניק, צוא מאַכען וואק־סען דיא האָאר אונד ריניגען דיא קאָפּ פון ניסלעך (דענדראָפּס) פרייז 50 ס. קאָנטרי 75 סענט.

ל י ב י ט געגען קאָפּ שמערצען פולווער אָדער טאַבלעטס פרייז 10 ס. אונד 25 ס.

ל י ב י ט געגען פיילס (מערידין) פרייז 25 ס. אונד 50 סענט.

ל י ב י ט נומער 10 געגען אַסטמאַ אַ באַ־טעל איינצונעהמען דער בעסטער מיטעל פרייז 50 ס. קאָונטרי 75 ס.

ליביט נומער 15 געגען אונריינע אָדער שוואכע בלוט, נערוויאישנעס, שלאָפלאָזיגקייט אַפּעטיטלאָזיגקייט אונד אלע קראנקהייט וואָס קומט דאַפאָן פרייז 50 סענט.

**ROTKOWITZ BROS.,**

**65 Stanton St., New York.**



וואָס איז אַ הויז אָהן אַ פיאַנאָ?

— ביי —

# פערעלמאַן און ראזאנסקי

## 458=460 גרענד סט.

קריגט איהר דיא בעסטע פיאנאָס צו מע־סיגע פרייזען און לייכטע בעדינגונגען.

## קויפט אייער פיאנא

ביי אַ פירמאַ וואו איהר זייט זיכער צו ווערען אנשטענדיג בעהאנדעלט.

**PERELMAN & ROSANSKY,**

— Dealers in —

HIGHGRADE **PIANOS**

**458=460 Grand St., New York.**

# United Hatters

## Of North America.




דאָס איז דער יוניאָן לייבעל פון דיא יונייטעד העטטערס אָף נאָרטה אַמעריקאַ.

ווען איהר קויפט אַ העט, א ווייכע אָדער האַרטע, זעהט אַז דער יוניאָן לייבעל זאָל זיין איינגענייט אונטער דעם העט בענד.

ווען אַ סטאָר קיפּער האָט פרייע לייבעלס און וויל איינעם ארייגקלעפּען אין אייער העט קויפט ניט ביי איהם, ווייל דיא לייבעלס זיינען נאָכגעמאַכטע.

גיט אַכטונג פאר נאָכגעמאַכטע.

פאָרדערט דעם ריכטיגען יוניאָן לייבעל אין אייער העט.

# John A. Moffitt

PRESIDENT,

Orange, N. J.

# John Phillips,

SECRETARY,

797 Bedford Av. Brooklyn N. Y.



## גראַף טאָלסטאָי'ס ביכער.

| | סענט. |
|---|---|
| קרייצער סאָנאַטאַ, | .10 |
| איך און מיין מאַן, | .10 |
| מיין פריינד'ס פרוי, | .10 |
| צוויי דורות, | .10 |
| איוואַן איליטש'עס טויט, | .10 |
| דער נסיון, | .10 |
| דיא פערפיהרונג, | .10 |
| מיין וידוי, | .10 |
| פאליקושקא, | .10 |
| איוואַן דער נאַר | .3 |
| טאָלסטאָי'ס ביאָגראפיע, | .3 |
| תחית המתים, | .15 |
| אננאַ קארענינאַ, | .25 |
| קריעג און פריעדען, | .50 |

## עמיל זאָלאַ'ס ביכער.

| | |
|---|---|
| פאריזער דאמען, | .10 |
| נאַנטאַ'ס אדער דער געקויפטער מאַן, | .10 |
| פרויען־ליעבע, | .10 |
| ליעבעם נאַכט, | .10 |
| לעבען און טויט, | .10 |
| בלוטיגע חתונה, | .10 |
| דיא דאָרפס מיידעל, | .10 |
| א גלח'ס זינד, | .10 |
| פון חופה צום קבר, | .10 |
| מענשליכע בעסטיעס, | .15 |
| פערגיפטעטער קוס, | .25 |
| ווייבערשער גן־עדן, | .25 |
| דער טויט־שלעגער, | .30 |
| נאַנאַ, | .25 |
| זשערמינאַל, | .40 |
| עמיל זאָלאַ'ס ביאָגראפיע, | .10 |

## אַבראַמאָוויץ'ס ווערקע.

| | |
|---|---|
| דיא קליאטשע, | .15 |
| פישקע דער קרומער, | .15 |
| דיא טאַקסע, | .15 |
| דער פריזיוו, | .15 |
| יודעל | .15 |
| דאָס ווינש־פינגערל, | .15 |
| אַלטע מעשה, | .10 |
| שלמה ר' חיים'ס, | .10 |

צו בעקומען אין אַלע בוכהאַנדלונגען, וויא אויך ביי דיא

# Hebrew Pub. Co.

120—128 LEONARD ST.,

Brooklyn N. Y.

